## Gerechtigkeit (Vol. 22, Iss. 1)


### Keywords

International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish


### Comments

*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXII. No. 1. | Jersey City, N. J., January, 1940 | Price 10 Cents

## צום נייעם יאר

מיר באגעגענען דאס נייע יאר 1940 מיט א גאנץ טרויעריגען געמיט. מיר באגעגענען אים אונטער דעם קראך פון קאנאנען און פלאצען פון באמבעס, ווען דער גרעסטער טייל פון דער ציוויליזירטער וועלט שטייט אין די פלאמען פון מלחמה.

דאס פארגאנגענע יאר האט אונז איבערגעלאזען זייער א טרויעריגע ירושה. עס איז אויך ניט געווען פריילאך אויפ'ן הארצען ווען מיר האבען באגעגענט דאס אנקומען פון דעם איצט אוועקגעגאנגענעם יאר 1939. מיר האבען דעמאלט געזען ווי די הערשאפט פון רשעים פארשטארקט זיך און ווערט גרעסער און אז אלע שרעקען פון דעם פינסטערען בארבארישען מיטעלאלטער קומען ניט בלויז צוריק, נאר ווערען נאך שוידערליכער און גרויזאמער. מיר האבען זיך אבער געטרייסט מיט דעם געדאנק, אז די וועלט פארפינסטערער וועלען ניט ריזיקירען מיט זייער אייגענער עקזיסטענץ און וועלען קיין וועלט־מלחמה ניט אנצינדען. ווייניגסטענס ניט אזוי גיך. מיר האבען נאך דעמאלט געהאט די האפענונג אויף א פאראייניגטען פראנט געגען מלחמה און פאשיזם. עס איז דעמאלט אפילו אויף דעם געדאנקען ניט געקומען, אז סטאלין קען באגיין אזא שענדלאכען, אזא פארברעכערישען פארראט ווי פאראייניגען זיך מיט היטלערן. מען האט דעריבער רעכט געהאט צו גלויבען, אז געגען די פאראייניגטע כוחות פון ענגלאנד, פראנקרייך און סאוועט רוסלאנד וועט היטלער זיכער ניט ריזיקירען אנצופאנגען א מלחמה. מען האט, הייסט עס, זיך ווייניגסטענס געקענט טרייסטען, אז עס וועט ניט ווערען ערגער ווי עס איז.

האט אבער פאסירט דאס אונגלויבליכע. אנשטאט סטאלין זאל זיך פאראייניגטען מיט די דעמאקראטישע מלוכות געגען היטלערן, האט ער זיך גאר פאראייניגט מיט היטלערן געגען די דעמאקראטישע מלוכות. האבענדיג סטאלינען אויף זיין זייט האט היטלער ריזיקירט און האט אנגעפאנגען די מלחמה, צו וועלכער ער האט זיך אזוי לאנג געגרייט. און אין זיין שותפות מיט היטלערן האט זיך אויך ביי סטאלינען דערוועקט דער אומפעריאליסטישער מלחמה־גייסט. נאכדעם ווי ער האט מיט היטלערן צוטיילט צווישען זיך פוילען, האט ער געצוואונגען די דריי קליינע באלטישע לענדער, לאטוויא, עסטאניא און ליטע אים צו געבען טעריטאריעלע און מיליטערישע קאנצעסיעס און ווען פינלאנד האט אים גלייך ניט געוואלט נאכגעבען אלץ, וואס ער האט פון איר פארלאנגט, האט ער, אויף היטלער'ס שטייגער, געמאכט אויף דער פרידליכער און אונבאשיצטער באפעלקערונג פון העלסינגפארס א מערדערליכען פאגראם פון דער לופט און אנגעפאנגען אן אויסראטונגס מלחמה געגען פינישען פאלק. אמת, גאנץ אונערווארטעט פאר סטאלינען און פאר דער גאנצער וועלט, האט דאס פינישע פאלק ארויסגעוויזען א וואונדערליכען העלדישען ווידערשטאנד און האט זעהר שטארק געשעדיגט דעם מיליטערישען פרעסטיזש פון סאוועט רוסלאנד, אבער עס איז דאך שווער צו האפען, אז דאס קליינע פינישע פאלק פון עטוואס מער ווי דריי און א האלב מיליאן, זאל זיך לאנג קענען האלטען געגען סאוועט רוסלאנד, וואס האט א באפעלקערונג פון נאענט צו 180 מיליאן.

די אונטערשטע שורה איז, אז מיר האבען איצט א נייע גרויסע וועלט־מלחמה, נאר מיט דעם איינציגען אונטערשייד צום גוטען פאר אונז אין אמעריקא, וואס אונזער לאנד איז אין דער מלחמה ניט באטייליגט. אבער קיינער קען דאך ניט זאגען, אז מיר קענען זיין פולקאם זיכער אז אמעריקא וועט בלייבען אויסען דער מלחמה. עס איז ווייט ניט אזוי לייכט פאראויסצוזען די ווייטערדיגע אנטוויקלונגען און עס איז פאראן א גרונד פאר מורא און אונרוהיגקייט.

מיר וואלטען אפשר געקענט זיכער זיין, אז אמעריקא וועט אויסענבלייבען פון דער מלחמה, ווען די מלחמה וואלט געווען א קורצע. דאס זעט אבער ניט אויס. אין געגענטייל, דער אלגעמיינער איינדרוק איז, אז די מלחמה וועט זיין א גאנץ לאנגע. מאנכע רופען אן די איצטיגע מלחמה א פארמעסט פון נערוועו. עס הייסט, אז דער צד, וואס זיינע נערוועו וועלען אויסהאלטען לענגער, וועט געווינען די מלחמה. קיינער אבער קען ניט פרובירן טרעפען וועמעס נערוועו עס וועלען זיך ארויסווייזען שטארקער — די ענגלישע אדער די דייטשע. מען וואלט אפשר לייכטער זיך געקומען טרעפען, ווען עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען דייטשע און פראנצויזישע נערוועו. מען וואלט געניגט געווען צו זאגען, אז די דייטשען האבען שטארקערע נערוועו ווי די פראנצויזען. און, עס האט זיך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ארויסגעוויזען, אז די פראנצויזען האבען גאנץ שטארקע נערוועו, ווען זיי האבען מיט אזא גרויסער עקשנות געקענט אויסהאלטען אזוי פיל בלוטיגע שלאכטען, באזונדערס ביי דער פארטיידיגונג פון ווערדון. נאר עס איז אנגענומען, אז די פראנצויזען זיינען טעמפעראמענטפול, נערוועז, בעת די דייטשען זיינען קאלט און רואיג. אבער ווען עס האנדעלט זיך וועגען דייטשען און ענגלענדער איז שוין ניט אזוי לייכט צו זאגען. היטלער קען זיך בארימען, אז ער האט פארהארטעוועט די נערוועו פון דייטשען פאלק ווי שטאלענע דראטען, אבער די ענגלענדער האבען אן אלטע רעפוטאציע פון האבען שטאלענע נערוועו. יעדעס מאל ווען מען וויל כאראקטעריזירען ענגלענדער ווערען באנוצט פאר זיי די ווערטער „קאלט" און „רואיג". אבער עס איז ענדליך דאך נאריש צו גלויבען, אז נערוועו וועלען אנטשיידען דעם אויסגאנג פון דער מלחמה. אויב די מלחמה וועט ניט אנטשידען ווערען דורך וואפען און סאלדאטען, וועט זי אנטשידען ווערען דורך עקאנאמישע פאקטארען. עס הייסט, וועלכער צד עס וועט קענען עקאנאמיש לייגער אויסהאלטען. און דאס גיט אונז אויך די האפענונג, אז ענגלאנד און פראנקרייך וועלען ענדליך געווינען די מלחמה, ווייל זייערע עקאנאמישע כוחות זיינען פיל שטארקער. אבער דאס מיינט אז די מלחמה וועט זיין א גאנץ לאנגע און פאר דער צייט קענען טרעפען פארשידענע זאכען, צווישען זיי אויך, אז אמעריקא זאל אריינגעצויגען ווערען אין דעם קאמף.

אבער לאמיר האפען, אז דאס יאר 1940 וועט ניט זיין אזוי שלעכט צו אונז און וועט ניט לאזען קומען די מלחמה צו די אמעריקאנער ברעגען. מיר קענען אפשר זאגען, אז פאר'ן יאר 1940 האבען מיר ביז א גאנץ גרויסער מאס א גאראנטיע, אז אמעריקא וועט אויסען־בלייבען פון דער מלחמה. מיר האבען אין דעם נייעם יאר, וואס האט זיך איצט אנגעפאנגען, אן אייגענעם גרויסען אמעריקאנער קאמף וואס וועט פארנעמען די גאנצע אויפמערקזאמקייט פון דעם אמעריקאנער פאלק. מיר מיינען דא דעם קאמף צו וועהלען א פרעזידענט.

ביז די וואלען וועלען זיין פאראיבער און פאר א געוויסער צייט ביז נאך די וואלען קענען מיר זיין אזוי גוט ווי זיכער, אז אמעריקא וועט בלייבען אויסען דער מלחמה. דאס נייע אנגעקומענע יאר 1940 האט דעריבער מיט זיך, קען מען זאגען, א גאראנטיע, אז אין זיין צייט וועט אמעריקא האבען פרידען, אויסער, אז גאנץ אונגעוויינליכעס זאל טרעפען.

נאר מיר וואלטען וועלען, אז דאס נייע יאר זאל אונז ניט בלויז פארהיטען פון דער שלעכטס פון מלחמה, נאר ער זאל אונז אויך ברענגען עפעס גוטס.

און באזונדערס נויטיגט זיך דאס אידישע פאלק אין אביסעלע גוטס, כאטש איבערצוכאפען דעם אטעם פון דעם מבול שלעכטס, וואס האט זיך אויף אים א גאס געטאן די לעצטע עטליכע יאר. דאס פארגאנגענע יאר האט דעם אידישען פאלק געבראכט מער אומגליק ווי אין די פריערדיגע עטליכע אומגליקליכע יארען פון היטלערס בלוטיגער הערשאפט. היטלערס רויבערישער אנפאל אויף פוילען האט רואינירט דעם גרעסטען אידישען צענטער אין אייראפע. רואינירט גייסטיג און מאראליש. היטלער האט געבראכט א פולשטענדיגען חורבן אויף די אידען אין פוילען. די גאנצע אכזריות און ווילדער בארבאריזם, וואס די נאציס פארמאגען, האבען זיי אויסגעלאזען צו די אידען אין פוילען. צו דער גרויסער צאל אומגליקליכע אידישע פליכטלינגע און היימלאזע אידען פון דייטשלאנד, עסטרייך און טשעכאסלאוואקיע זיינען איצט צוגעקומען די נאך מער אומגליקליכע אידען פון פוילען.

די איינציגע טרייסט פאר די אידען אין דער איצטיגער פינסטערער צייט פון זייער עקזיסטענץ איז, וואס דער בעסערער טייל פון דער וועלט און פון דער מענשהייט ווייזט זיי ארויס אזוי פיל סימפאטיע אין זייער גרויסען אומגליק. די דאזיגע סימפאטיע און פריינדשאפט גיט אונז האפענונג און גלויבען, אז עס וועלען נאך קומען בעסערע צייטען.

לאמיר ווינשען, אז דאס נייע יאר 1940 זאל מאכען דעם גוטען אנפאנג.

***

## מען דארף האבען א בעסערען יאר

אויך אונזערע קלאוקמאכער און דרעסמאכער נויטיגען זיך זעהר שטארק אין א בעסערען יאר. דאס פארגאנגענע יאר איז געווען גאנץ באזונדערס אונפריינדליך צו די קלאוקמאכער און דרעסמאכער. עס איז געווען ווייניג ארבייט און ממילא קליינע פארדינסטען. און עס איז געווען באזונדערס פארדריסלאך, וואס עס האבען זיך גראד באוויזען האפנונגען אויף א פארבעסערונג, אבער זיי האבען אפגענארט.

די האפנונגען האבען זיך גענומען דערפון, וואס די עקאנאמישע לאגע אין לאנד איז אין אלגעמיין באדייטענד פארבעסערט געווארען. אין מערערע אינדוסטריען האט זיך געוויזען מער ארבייט און אין מאנכע פון זיי האט אפילו אויסגעקוקט, אז די אלטע פראספעריטי איז צוריקגעקומען. עס איז דעריבער געווען נאטירליך פאר די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער צו האפען, אז אויך זייער עקאנאמישע לאגע וועט זיך פארבעסערען. האט מען דאך זיי שטענדיג געזאגט, אז זייער שלעכטע עקאנאמישע לאגע איז פארבונדען מיט דער אלגעמיינער שלעכטער עקאנאמישער לאגע פון לאנד. אז די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער קענען ניט דערווארטען, אז זיי זאל זיין גוט, ווען אלעמען איז שלעכט. עס וועט זיי ווערען בעסער, ווען אלעמען וועט ווערען בעסער. זאל עס נאר ווערען לעבעדיגער אין די גרויסע אינדוסטריען פון לאנד, זאל נאר ווערען קלענער די צאל ארבייטסלאזע און מער מענשען וועלען קריגען באשעפטיגונג, וועט שוין ממילא אויך ווערען לעבעדיגער אין די קלאוק און אין די דרעס שעפער און עס וועט אויך ווערען בעסער פאר די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער.

די ערקלערונגען האבען אויסגעזען צו זיין גאנץ שכל'דיגע. אזוי פיל מיליאנען מענשען געהען ארום אן באשעפטיגונג, האבען זיי דאך ניט מיט וואס צו קויפען קיין קלאוקס און דרעסעס. ווען אבער עס וועט זיך פארבעסערען די עקאנאמישע לאגע און מער מענשען וועלען קריגען באשעפטיגונג, וועלען זיי האבען מיט וואס צו קויפען און עס פארשטעהט זיך, אז זיי וועלען אויך

קויפען קלאוקס און דרעסעס, וואס זיינען איינע פון די ערשטע נויטווענדיגקייטען.

האט אבער דער שכל און די לאגיק זיך ארויסגעוויזען פאר ריכטיג בלויז פאר דעם ערשטען טייל פון דער ערקלערונג — פאר וואס די קלאוקמאכער און דרעסמאכער האבען ניט קיין ארבייט, ווען די אלגעמיינע עקאנאמישע לאגע אין לאנד איז שלעכט; נאר גאר ניט ריכטיג פאר דעם צווייטען טייל — אז ווען די אלגעמיינע עקאנאמישע לאגע פון לאנד וועט זיך פארבעסערען, וועלען אויך די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער אויפגעריכט ווערען. עס איז געוועזען ניט ריכטיג דערפאר, ווייל קלאוקס און דרעסעס האבען זייערע אייגענע ספעציעלע צרות.

מיר האבען שוין ביי אן אנדער געלעגענהייט, ווען מיר האבען באטראכט די לאגע פון דעם קלאוק טרייד, אנגעוויזען, אז לויט דער סטאטיסטיק, וואס איז געזאמעלט געווארען, זיינען לעצטענס פראדוצירט געווארען פרויען מאנטלען ניט ווייניגער ווי אין די אמאליגע גוטע יארען, נאר מיט דעם אונטערשייד, וואס די גרעסטע צאל מאנטלען, וואס ווערען איצט פראדוצירט, זיינען ביליגע, און אויסער וואס עס איז פאראן ביי זיי ווייניגער ארבייט, ווערען זיי אין א גאנץ גרויסער מאס געמאכט אין די אוט־אוו־טאון שעפער.

אויף דעם לעצטען מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנעל, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין וואשינגטאן, איז געמאלען געווארען אין גאנץ טונקעלע פארבען די לאגע פון דעם דרעס־טרייד. עס איז די גרויסע קאנקורענץ פון די קאטאן דרעסעס, פון וועלכער די ביליגערע סילק דרעסעס ליידען, וואס האבען געשאפען אזא קריטישע לאגע. א גוטע העלפט פון די דרעסמאכער זיינען נעמליך באשעפטיגט ביי די ביליגע סילק דרעסעס. און זיי קענען איינפאך ניט אויסשטיין די קאנקורענץ.

---

און ווען די קלאוקמאכער האבען געהאט זעהר ווייניג ארבייט דעם פארגאנגענעם יאר, האט אבער די קלאוקמאכער יוניאן געהאט זעהר פיל ארבייט. זי האט געארבייט אויף פלענער ווי צו פארבעסערען די לאגע פון די קלאוקמאכער, אז זיי זאלען האבען מער ארבייט און אז זיי זאלען מער פארדינען.

די יוניאן איז געווען א לענגערע צייט פארנומען מיט אויסארבייטען דעם פלאן פון צענטראליזירטען קאנטראל. דער פלאן איז פיל דיסקוטירט געווארען און מען האט פון אים פיל דערווארטעט. מען האט דיסקוטירט א פלאן ווי אזוי די קלאוקמאכער זאלען קריגען די ארבייט פון די אזוי גערופענע מעניש פעשאן סוטס. דער פלאן איז געווען פארבונדען מיט סעקשאן ארבייט און מיט דער איינפירונג פון ספעציעלע מאשינען אין די שעפער. שפעטער איז דיסקוטירט געווארען א פלאן וועגען פארבאטען וואך־ארבייט אין די שעפער, וואו עס איז איינגעפירט די סעקשאן סיסטעם. און אז די פרייזען פון שטיק ארבייט זאל אין זיי געסעטעלט ווערען ניט באזונדער מיט די קאנטראקטארס, נאר דירעקט מיט'ן דזשאבער. און צום סוף איז דיסקוטירט געווארען דער גוט באקאנטער סיינבערג פלאן, וואס ווערט איצט דורכגעפירט.

די יוניאן קען מען, אלזא, ניט באשולדיגען, אז זי האט ניט געזוכט קיין וועגען און קיין מיטלען ווי צו פארבעסערען די לאגע פון די קלאוקמאכער.

און אזוי איז אויך געווען באשעפטיגט די דרעסמאכער יוניאן מיט זוכען פלענער ווי צו פארבעסערען די לאגע פון די דרעסמאכער. א נייער פלאן ווי צו באקעמפען די קאנקורענץ אין דרעס טרייד און ווי צו קריגען א בעסערען קאנטראל פון דער דרעסמאכער יוניאן, איז צוגעשטעלט געווארען צום לעצטען מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנעל.

און שוין דער פאקט אליין, וואס די יוניאן איז שטענדיג פארנומען מיט מאכען נייע פלענער ווי צו פארבעסערען די לאגע, באווייזט, אז עס איז ניט אזוי לייכט צו געפינען דעם ריכטיגען פלאן. און ערגער איז, וואס ווען מען געפינט שוין אפילו דעם ריכטיגען פלאן, קען ער אויך לאנג ניט האבען די געווינשטע ווירקונג. די קלאוקמאכער יוניאן האט ניט די גאנצע דעה. די קלאוקס מאנופעקטשורער האבען אויך א דעה. און צווישען די קלאוקס מאנופעקטשורער זיינען פאראן אזעלכע, וואס טראכטען שטענדיג ווי אזוי צו מאכען, אז די פלענער פון דער יוניאן זאלען ניט האבען די געווינשטע ווירקונג. און ליידער טראכטען זיי גאנץ אפט עפעס אויס. זיי האבען שוין ניט איין גוטען פלאן פון דער יוניאן צונישט געמאכט.

---

די אינטערנעשאנאל אין אלגעמיין נויטיגט זיך אין א בעסערען יאר. זי האט א סך גוטע פלענער פאר דער ארגאניזאציע און זי האט א סך ארבייט דורכצופירען. אבער די צייט דארף ווערען בעסער, אז זי זאל קענען פארווירקליכען איר וואונש.

די אינטערנעשאנעל אלס א גאנצע האט אין אלגעמיין זיך ניט צו באקלאגען אויף איר צושטאנד. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס דאס פארגאנגענע יאר איז געווען שלעכט, האט דאך די אינטערנעשאנעל אנגעהאלטען איר גרויס, איר איינפלוס און איר פרעסטיזש. אבער זי וואלט געווארען נאך גרעסער, נאך שטארקער און איינפלוסרייכער, ווען די צייט וואלט געווען בעסער. עס זיינען נאך פאראן א סך טויזענדער, וואס דארפען ארגאניזירט ווערען אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע. עס דארף נאך א סך ארגאניזאציאנס ארבייט געטאן ווערען אין דעם קאטען־דרעס טרייד און עס איז נאך אויך פאראן וואס צו טאן אין מאנכע אנדערע טיילען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע. די אינטערנעשאנעל האט אויך געטאן א סך ארגאניזאציאנס ארבייט אין דעם פארגאנגענעם יאר. מען קען עס זעהן פון די באריכטען, וואס זיינען געדרוקט געווארען אין די צייט־שריפטען פון דער אינטערנעשאנעל. עס זיינען געפירט געווארען א סך ביטערע און קאסטבארע קאמפען און עס זיינען געמאכט געווארען א סך געווינסטען, אבער די שלעכטע צייט איז דאך אפט געווען א גרויסע שטערונג.

אין קורצען, אלע דארפען האבען א בעסערען יאר און לאמיר ווינשען, אז דאס נייע יאר זאל עס אויך זיין.

## די נייע אויפלאגע פון „פינס ענד נידעלס"

די נייע אויפלאגע פון „פינס ענד נידעלס" האט געקראגען א באגייסטערטע אויפנאמע פון די טעאטער־קריטיקער און אויך אזעלכע ביי דעם גרויסען טעאטער עולם, וואס האט ליב א גוטע אמעריקאנער פארשטעלונג. דאס ווינדזאר טעאטער, די נייע גרעסערע און שענערע היים פון „פינס ענד נידעלס" איז דעריבער פול ביז'ן לעצטען זיץ־פלאץ ביי יעדער פארשטעלונג.

אין דער איצטיגער טרויעריגער צייט איז „פינס ענד נידעלס" ווי א מתנה פון הימעל פרעהליכער צו מאכען מענשליכע הערצער. די פאר שטונדען וואס מען זיצט ביי דער פארשטעלונג פון „פינס ענד נידעלס", פארגעסט מען אין גאנצען, אז די וועלט איז אזא טרויעריגע.

## דער געגענט...

(גארמענט־צענטער)

פון אברהם רייזען

דער געגענט א באקאנטער,
ער הייסט אים שוין זינט יארען;
דאס ערשטע מאל — דערמאנט ער —
אין שאפ אהער געפארען...

און זינט ער איז געקומען
פון שטעטעלע דעם ליבען —
זיך אויף דעם וועג פארנומען,
און ביי דעם וועג געבליבען...

זיך ניט געקענט פארדרעהען
אויף וועגען אנדרע — ווייטע;
וואס ס'קען אמאל דערפרעהען
א האפענונג, א באנייטע...

דער זעלבער „טריין" — ביי דעכער,
דער זעלבער „טריין" אויך אונטען;
קיין מאל געשטיגען העכער
קיין מאל געטויכט די גרונטען...

ס'איז אלץ אזוי געמאסטען,
ס'איז אלץ גלייך צו דערקענען:
די אייזענס שוין זיי ראסטען
אין חושכ'ע האנגאנען...

נאר ער כמעט דער איינ'נער,
זיין אויסזען איז זיין לעבען...
אויב ער זאל אויך זיך בויגען —
ווער וועט אים ארבעט געבען?...

איז היט ער זיך באזונדער,
זיין מידינקייט ניט ווייזען;
ער מוז זיין יונג אויף וואונדער
און שטארקער זיין פון אייזען...

## דער באשלוס פון קלאוק דזשאינט באארד וועגען ברוקלין

דער באשלוס פון דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן איינצופירען א בעסערע קאנטראל אין די קלאוק שעפער פון ברוקלין און דורכצופירען די ריכטיגע רעארגאניזאציע פאר דעם צוועק, איז פון זעהר וויכטיגער באדייטונג.

עס איז פאר אונז ניט קיין איבערראשונג דער אויסערגעוויינליכער שלעכטער באריכט, וואס די אונטערזוכונגס קאמיטע פון דזשאינט באארד האט געבראכט וועגען דער סיטואציע אין ברוקלין. מיר האבען שוין געהערט א סך אויסערגעוויינליך־שלעכטע באריכטען פון ברוקלין, ווייל ברוקלין איז שוין ניט איין מאל אויסגעפארשט געווארען. מיר האבען מיט קנאפע צוויי יאר צוריק געהערט אן אויסערגעוויינליך שלעכטען באריכט פון אן אויספארשונג אין ברוקלין. מיר זיינען שוין דעריבער צוגעוואוינט צו שלעכטע באריכטען פון ברוקלין. עס וואלט געווען פאר אונז אן איבערראשונג, ווען אן אויספארשונגס־קאמיטע וואלט אונז געבראכט א גוטען באריכט פון ברוקלין. און אט דעריבער באטראכטען מיר פאר אזוי וויכטיג דעם באשלוס פון דזשאינט באארד פון דער קלאוק מאכער יוניאן אנצונעמען דראסטישע מיטלען אויסצושטעלען די קלאוק שעפער פון ברוקלין אונטער א ווירקזאמען קאנטראל.

אין די ברוקלינער שעפער ווערט געמאכט א רעכט ביסעל קלאוקס, באזונדערס פון דעם ביליגערען סארט, און ווען די יוניאן האט אויפגענומען די פראגע פון די ביליגערע קלאוקס מיט אזא ערנסט, האט זי געמוזט ווענדען אירע אויגען צו ברוקלין ניט ווייניגער ווי צו אוט־אוו־טאון.

מיר וויסען די שוועריגקייטען פון ברוקלין. זיי זיינען אייגענטליך פאר קיינעם קיין סוד ניט. מען קען דעריבער אין דעם פרט ניט באשולדיגען די יוניאן אין נאכלעסיגקייט, אז זי האט ביז איצט ברוקלין פארזען. שוין דערפון אליין, וואס מיר האבען געזאגט, אז שלעכטע באריכטען פון אונטערזוכונג קאמיטעס וועגען ברוקלין זיינען קיין נייס ניט, איז צו זעהן, אז די יוניאן האט געוואוסט, אז ברוקלין איז איינע פון אירע צרות, נאר זי האט געהאט פארלארען דעם גלויבען, אז זי קען די צרה באזייטיגען.

אין דעם באריכט פון דער אונטערזוכונגס־קאמיטע, וואס איז באשטאנען פון איזידאר סארקין, מענעדזשער פון לאקאל 9, בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון לאקאל 117 און קאמ'נאלי, פון לאקאל 48, ווערט רעקאמענדירט, אז דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן זאל אין ברוקלין איינשטעלען אפיסעס מיט שטענדיגע באאמטע, כדי איינצופירען א פולשטענדיגע יוניאן קאנטראל אויף די קלאוק שעפער אין ברוקלין.

דאס שטימט אייגענטליך ניט מיט דעם אזוי גערופענעם צענטראליזאציע פלאן וואס איז אנגענומען געווארען אין פארגאנגענעם יאר, אבער דאס איז ניט וויכטיג. א סך האבען פון אנפאנג אן געצווייפעלט אויב דער פלאן פון צענטראליזירטען קאנטראל וועט גוט ארבייטען און ברייגען די רעזולטאטען, וואס מען דערווארטעט פון אים. אגב איז אין דעם פאל ניט נויטיג אנצופאנגען א נייע דעבאטע, אויב דער פלאן טויג אדער ניט און אויב מען האט אים ריכטיג אויסגעפרובירט, ווייל וואס איז שייך צו ברוקלין, האט ער פארלויפיג, ווי מען קען זען, זיכער זיך ניט ארויסגעוויזען פאר קיין ערפאלג. און ווען מען דארף איצט אונטערנעמען די שווערע ארבייט איינצושטעלען ארדנונג אין ברוקלין, וועט די ארבייט קענען ווירקזאמער געטאן ווערען, ווען עס וועלען דארטען זיין אפיסעס פון דער יוניאן מיט שטענדיגע באאמטע.

אבער דאס איז א זייטיגע פראגע. דער עיקר איז דאך ניט ווי אזוי די ארבייט וועט אין ברוקלין געטאן ווערען, נאר, אז זי זאל געטאן ווערען. און לאמיר האפען, אז דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן וועט אין ברוקלין דורכפירען די אויפגאבע, וואס ער האט אונטערגענומען, אזוי גרינדליך ווי נאר מעגליך.

# פון צייט צו צייט

פון צביון



ריזן אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג איז געוואָרן אַן אַלגעמיינע פראַגע פון דער אַמעריקאַנער עפנטליכקייט.

פריהער איז דער שטרייט און די שפּאַלטונג אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אינערליכער פאַמיליען־אַנגעלעגענהייט פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט, וואָס דריטע מענשן דאַרפן זיך אין איר ניט מישן. אין אָנפאַנג האָט מען אויך געגלויבט, אַז דער שטרייט וועט ניט געהן צו ווייט און אַז עס וועט ניט קומען צו קיין שפּאַלטונג. מען האָט גערעכנט, אַז די שטרייטנדע צדדים וועלן ענדליך קומען צו אַ פשרה און עס וועט ווערן שלום. מען האָט אין אָנפאַנג דעם שטרייט גופא באַטראַכט גיכער פאַר ניצליך, ווי שעדליך. האָבן דאָך די גרויסע מאַסן אונאָרגאַניזירטע געדאַרפט אָרגאַניזירט ווערן און איז דאָך די אינדוסטריעלע פאָרם פון אָרגאַניזאַציע געווען די איינציג מעגליכע צו אָרגאַניזירן די אַרבייטער אין די אינדוסטריעס פון מאַסן־פּראָדוקציע. מען האָט דערביי אויך גערעכנט, אַז אויב די קאָמיטע פאַר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע וועט האָבן ערפאָלג אין איר אונטערנעמונג צו אָרגאַניזירן די אינדוסטריען פון מאַסן פּראָדוקציע, וועט דער שטרייט גאַנץ גיך פאַרענדיגט ווערן, ווייל דאָס וועט צווינגען די פירער פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר צו אָנערקענען, אַז די אינדוסטריעלע פאָרם פון אָרגאַניזאַציע דאַרף אָנגעווענדעט ווערן צו אָרגאַניזירן די ביז איצט אונאָרגאַניזירטע און עס וועט ממילא ניט זיין וועגן וואָס מער זיך צו קריגן.

אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזן ניט ווי מען האָט גערעכנט. די פאָרם פון אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר אַן ערפאָלג און די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט עס איינגעזעהן און האָט אַליין אָנגעפאַנגען זיך מיט איר באַשעפטיגן אין אַ גרויסער מאָס. אָבער דאָס האָט דאָך ניט געפירט צו קיין שלום. אין געגענטייל, דער קאָנפליקט איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער ביז עס איז געקומען צו אַ פולשטענדיגער שפּאַלטונג און אַלע באַמיהונגען פון די, וואָס האָבן געזוכט צו ברענגען צו אַ שלום האָבן זיך ביז איצט געענדיגט מיט גאָרנישט.

ווייל איך איצט ניט אַריינגעהן אין דער פראַגע ווער עס איז שולדיג אין דעם, וואָס פון אַלע באַמיהונגען צו מאַכן שלום האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזן. דאָ וויל איך בלויז זיך אָפּשטעלן אויף דעם, וואָס דער קאַמף אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג האָט אויפגעהערט באַטראַכט צו ווערן ווי אַ פאַמיליען־קריג, וואָס קיינער דאַרף זיך אין אים ניט אַריינמישן, נאָר ער ווערט באַטראַכט פאַר אַ קריג אין וועלכן עס איז פאַראינטערעסירט די גאַנצע עפנטליכע מיינונג פון אַמעריקע, ווייל אָט דער קריג רירט אָן ניט בלויז די אינטערעסן פון די אַרבעטער, נאָר די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. און ניט בלויז עקאָנאָמיש נאָר אויך פּאָליטיש. דער קריג אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג שאַפט גאַנץ ערנסטע שטערונגען אין דער דורכפירונג פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג און אין איר ווייטערדיגער אַנטוויקלונג. דער בעסטער ביישפּיל איז דער גוט באַקאַנטער וואַגנער געזעץ. ער איז אויך אַ שטערונג פאַר דער ווייטערדיגער סאָציאַלער געזעצגעבונג און ער וועט האָבן אַ גאַנץ שעדיגענדע ווירקונג אין די פּרעזידענטן וואַלן.

אין דעם בילדער זשורנאַל „לוק" פון יאַנואַר געפינט זיך אַ גרויסער אַרטיקל וועגן דער נויטיגקייט פון פרידן אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג. אַ גרויסער טייל פון דעם אַרטיקל ווערט אָפּגעגעבן צו דער אינטערנעשאָנאַל און צו דער ראָליע, וואָס פּרעזידענט דובינסקי האָט געשפּילט ביים גרינדען די סי. אַי. אָ. דער שרייבער פון דעם אַרטיקל קומט צום שלוס, אַז דובינסקי איז די פּאַסיגסטע פּערזאָן צוזאַמענצוברענגען די צוויי שטרייטענדע צדדים און שאַפן שלום צווישן זיי.

נו, דאָס איז געווים אַ גרויסער קאָמפּלימענט פאַר פּרעזידענט דובינסקי. אָבער דער שרייבער פון דעם אַרטיקל אין זשורנאַל „לוק" דאַרף וויסן, אַז פּרעזידענט דובינסקי האָט שוין ניט איין מאָל פּראָבירט דירעקט צי אינדירעקט צונויפצוברענגען די שטרייטענדע צדדים, אַז זיי זאָלן מאַכן שלום אָבער זיינע באַמיהונגען האָבן זיך לײדער ניט געקרוינט מיט אַן ערפאָלג. פּרעזידענט דובינסקי'ס פאַרדינסטען פאַר דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג וואָלטען בלייבן היסטאָריש, ווען אים וואָלט זיך איינגעגעבן צו שאַפן דעם געווינשטען שלום.

נאָר אונטער דער צייט האָט פּרעזידענט רוזוועלט געלאַדען צו זיך אין ווייסן הויז דזשאָהן לואיס און האָט מיט אים געהאַט אַ געשפּרעך וועגן שלום. לואיס האָט צוגעגעבן, אַז דער פּרעזידענט האָט מיט אים גערעדט וועגן שאַפן שלום אין דער אַרבעטער באַוועגונג, אָבער ער האָט ניט געזאָגט, וואָס ער האָט דעם פּרעזידענט געענטפערט.

מיט פּרעזידענט גרין פון דער אַ. פ. אָוו ל. האָט רוזוועלט געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט איניגע וואָכן פריהער.

דאָס איז ניט די ערשטע פּראָבע וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט געמאַכט אָנצואווענדען זיין איינפלוס צו שאַפן שלום צווישן דער סי. אַי. אָ. און א. פ. אָוו ל. אָבער זיינע אַלע פריהערדיגע פּראָבעס זיינען געווען ערפאָלגלאָז. וועט אויך זיין נייע פּראָבע האָבן דעם זעלביגען מזל? קיין באַשטימטען ענטפער קען קיינער ניט געבן. מען קען בלויז פּראָבירען טרעפען. פּראָבירט איינער טרעפען, אַז איצט וועט זיין נאָך שווערער צונויפצוברייגען די שטרייטענדע צדדים פאַר אַ פשרה, ווייל לואיס פילט זיך איצט האָפערדיגער ווי פריהער. דאָס איז צוליב דעם, וואָס די סי. אַי. אָ. איז פאַר די לעצטע חדשים באַדייטענד שטאַרקער געוואָרן. עס האָט זיך נעמליך אין די לעצטע חדשים שטאַרק פאַרבעסערט די לאַגע אין די אינדוסטריעס פון מאַסן פּראָדוקציע, פון וועלכע די סי. אַי. אָ. ווערבירט אירע מיטגלידער. פּראָבירט ווידער אַ צווייטער טרעפען, אַז טאַקע דערפאַר, וואָס די סי. אַי. אָ. איז אין דער לעצטער צייט געוואָרן שטאַרקער וועט עס זיין לייכטער צונויפצוברענגען די שטרייטענדע צדדים פאַר אַ פשרה. פריהער, ווען די סי. אַי. אָ. איז געווען שוואַכער, האָט דזשאָהן לואיס געוואָלט אויסמיידען אַ פרידען, ווייל ער האָט ניט געקענט דערוואַרטען קיין איבעריגס גינסטיגע פשרה. איצט אָבער, ווען די סי. אַי. אָ. איז שטאַרקער, קען ער רעכנען אויף בעסערע פרידענס־באַדינגונגען.

אָבער דאָס זיינען אַלץ סברות, וואָס איינע קען זיין אַזוי גוט אָדער אַזוי שלעכט ווי די צווייטע. איצט איז נויטיג עטוואָס באַשטימטעס, ווייל דער שלום אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי דרינגענדיג נויטיג ווי איצט.

⁂

היסט עס, אַז די פראַגע פון פאַראייניגטען פראָנט מיט די קאָמוניסטען אין לאָקאַל 22 פון דער דרעסמאַכער יוניאָן איז געלעזט געוואָרן אויף אַ העכסט נאַטירליכען אופן — די קאָמוניסטען זיינען געוואָרן אויס סטאַליניסטען, און עס איז געוואָרן אויס פראַגע.

איך דאַרף זאָגען, אַז דער פאַראייניגטער פראָנט אין לאָקאַל 22, וואָס האָט אָנגעהאַלטען אויך נאָכדעם, ווי קאָמוניסטען זיינען געוואָרן כאַווערים פון היטלערן, איז מיר געווען רעכט פריקרע. און ווען סאַשאַ זימערמאַן האָט זיך צובוטשקעט מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס האָט אָנגעפאַנגען ווי אַמאָל אין די „גוטע יאָרען" פון פאַראייניגטען פראָנט אָפּען זיך אַריינמישען אין די געשעפטען פון דער יוניאָן, און עס האָבן זיך געלאָזען הערען שאַרפע, ניט איבערגעקליבענע ווערטער אויך ווי אין די אַמאָליגע „גוטע יאָרען", האָב איך אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער און געשוויגען. איך האָב מיר געטראַכט: די אַלע האַרבע ווערטער וואָס סאַשאַ זימערמאַן זאָגט וועגן די קאָמוניסטען און דער קאָמוניסטישער פאַרטיי זיינען ניט בלויז דורכאויס אמת, נאָר איך קען נאָך אַ סך צוגעבן צו זיי און זיי אַ רעכט ביסעל האַרבער מאַכען. אָבער עס איז מיר ניט רעכט ווי אַזוי מען קען מיט אָט די זעלביגע קאָמוניסטען אָנהאַלטען אַ פאַראייניגטען פראָנט ווען מען זאָגט וועגן זיי אַזעלכע האַרבע ווערטער. איצט פאַרשטעה איך עס. די קאָמוניסטען פון דעם פאַראייניגטען פראָנט אין לאָקאַל 22 זיינען געווען אַנדערע, ניט אַזעלכע, וואָס פאָלגען אַלץ וואָס סטאַלין הייסט. דאָס מיינט אַזעלכע קאָמוניסטען, וואָס זיינען קיין קאָמוניסטען ניט. און ווען איך האָב געלייענט, אַז די קאָמוניסטישע פאַרטיי, וואָס האַלט מיט היטלער'ן, האָט ערקלערט די קאָמוניסטען פון פאַראייניגטען פראָנט פון לאָקאַל 22 פאַר פיינד, פאַר פאַררעטער, האָב איך מיר דערפילט גאַנץ באַזונדערס גוט.

איך בין אַמאָל, ווען די קאָמוניסטען האָבן אָפּיציעל געביטען זייער יוניאָן ברעכערישע טאַקטיק, געווען אַ גאַנץ שטאַרקער אָנהענגער פון פאַראייניגטען פראָנט אין דער יוניאָן. איך האָב שטענדיג געהאַלטען, אַז אין אַ יוניאָן איז בעסער אַ שלעכטער פרידען אײדער אַ גוטער קריג. און ווען די קאָמוניסטען האָבן זיך געציילעמט, אַז זיי ווילען איינינקייט און פרידען אין דער יוניאָן און אַז זיי וועלען זיין אָנשטענדיגע מענשען און מען וועט ניט דאַרפען שטענדיג קוקען אויף זייערע הענד און היטען זייערע פינגער, האָב איך געזאָגט, אַז מען דאַרף מאַכען אַ פּראָבע און זיי גלויבען. אמת, דער פאַראייניגטער פראָנט איז געווען אַ רעכט ביסעל אַנדערש, ווי איך האָב מיר אים פאַרגעשטעלט. ער איז שוין געווען צופיל פאַראייניגט. אַזוי פאַראייניגט, אַז עס איז געוואָרן אוממעגליך די עקזיסטענץ פון וועלכער עס איז אָפּאָזיציע געגען דער אַדמיניסטראַציע. אָבער דאָס איז שוין אַ גאַנץ אַנדער פראַגע. אין פּרינציפּ בין איך געווען פאַר אַ פאַראייניגטען פראָנט. די לאַגע האָט זיך אָבער ראַדיקאַל געענדערט, ווען סטאַלין האָט געשלאָסען כאַווערשאַפט מיט היטלער'ן און די היגע קאָמוניסטען האָבן געגעבען זייער ברכה צו דעם נייעם זיווג. אַ פאַראייניגטען פראָנט מיט היטלער'ס כאַווירים קען איך מיר ניט פאַרשטעלען.

איך לאָז דאָ אויס דעם פאַקט, וואָס די סטאַלין־קאָמוניסטען האָבען אויך געענדערט זייער ליניע בנוגע צו זייער ווירקונג אין די יוניאָנס. דאָס לאָז איך איבער צו די יוניאָן פּאָליטיקער. פאַר מיר ווערט דער פאַראייניגטער פראָנט מיט די סטאַלין־קאָמוניסטען טמא פון דעם מאָמענט ווען סטאַלין איז געוואָרן היטלער'ס אַ שותף.

⁂

איך גלויב, אַז דער באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד איז אַן אָנגעלעגענהייט פון דער אינטערנעשאָנאַל און פון יעדער לאָקאַל יוניאָן, וואָס איז אַ טייל פון דער אינטערנעשאָנאַל. אַ באַשלוס פאַר באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד איז אָנגענומען געוואָרן פון דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל און איז געשטיצט און גוטגעהייסען געוואָרן פון די לאָקאַלע יוניאָנס, וואָס באַלאַנגען צו דער אינטערנעשאָנעל. א רעזאָלוציע פאַר דעם באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. די גאַנצע אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג פון אַלע ריכטונגען, אַלע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, אַלע פּראָגרעסיווע מענשען פון אַמעריקע זיינען אַרויסגעקומען פאַר'ן באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד. קורץ און גוט דער באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד איז געוואָרן איינע פון די אויפגאַבען און פליכטען פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און פון אַלע פּראָגרעסיווע מענשען אין אַמעריקע.

צו וואָס דערצעהל איך עס דאָ? ווייסען דען דאָס ניט אַלע?

איך דערצעהל עס צוליב דעם, ווייל פאָסטער, דער טשערמאַן פון דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָט ערקלערט אין דעם „דעילי וואָרקער", דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אַז דער באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד דאַרף אָפּגעשאַפט ווערען.

די ערקלערונג איז אין פולען איינקלאַנג מיט דער נייער פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און מיט סטאַלינ'ס כאַווערשאַפט און פריינדשאַפט מיט היטלער'ן. עס שיקט זיך איינפאַך ניט, אַז מען זאָל באָיקאָטירען אַ כאַווער און אַ פריינד. היטלער און זיין אויסלענדישער מיניסטער ריבענטראָפּ שיקען אַזעלכע פריינדליכע באַגריסונגען צו סטאַלינען צו זיין געבורטסטאַג און סטאַלין דאַנקט זיי אַזוי וואַרים און פאַרזיכערט זיי, אַז די פריינדשאַפט צווישען סאָוועט רוסלאַנד און נאַצי דייטשלאַנד איז פעסט, ווייל זי איז צעמענטירט מיט בלוט פון די ביידע פעלקער, טאָ ווי איז עס מעגליך, אַז סטאַלינס קאָמוניסטען זאָלען באָיקאָטירען נאַצי־דייטשלאַנד? איז דאָך היטלער איצט דער איינציגער פריינד פון סטאַלינען. און עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז עס איז דער וואונש פון די קאָמוניסטען, אַז היטלער זאָל זיגען אין דער מלחמה. האָט דאָך סטאַלין אין זיין אָפּמאַך מיט היטלער'ן אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים געבען הילף אין דער מלחמה. טאָ ווי אַזוי קענען די קאָמוניסטען אָנהאַלטען אַ באָיקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד?

נאָר איב באַשאַפען דעם באָיקאָט געגען נאַצי־

# דער פּאַן־אַמעריקען אַרבייטס קאָנפערענץ אין האַוואַנאַ

## פון דר. א. ס. ליפשיץ.

צוריק קומען פון דער זומערדיגער וואַרעמקייט אויפן אינזעל קובאַ אין דער ווינטערדיגער קעלט פון ניו יאָרק, איז ניט בלויז אַן איבערבייט אין קלימאַט, נאָר אויך אַ פולשטענדיגער קאָנטראַסט צווישען צוויי לעבענס־שטייגערס. — אין קובאַ, דער לאַטיינישער געמיטליכער לעבענס־שטייגער וואָס נעמט זאַכען ווי זיי זיינען, אין אַמעריקע — דער ענגלאָ־זאַקסישער אופן פון לעבען לויט אַ שטרענג אָנגעצייכענטען פּלאַן.

די געדאַנקען זיינען מיר געקומען אויפן זינען ווען איך האָב לעצטען מאָנאַט באַזוכט האַוואַנאַ, קובאַ, וואו איך האָב בייגעוואוינט דעם צווייטען אינטער־אַמעריקאַנעם אַרבייטס קאָנפערענץ אַלס דעלעגאַט פון אינטערנאַציאָנאַלען אָפיס פון זשענעווע, די שווייץ. דער צוזאַמענקונפט, באַשטייענד פון פאַרטרעטער און באַאָבאַכטער פון רעגירונגען, בעלי בתים און אַרבייטער דעלעגאַטען פון 21 אַמעריקאַנער רעפּובליקען, איז געווען אַ געשעעניש פון אויסערגעוויינליכער וויכטיגקייט. עס האָט געהאָלפען קלאָר מאַכען פילע אישוס וואָס שטאַמען פון דעם קאָמפּליצירטען עקאָנאָמישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון די אַמעריקאַנער פעלקער און געגעבען אַ שטויס פאָראויס דעם קאַמף פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון דעם וועלט־טייל פאַר זייערע איינגעבאָרענע רעכטען און סאָציאַלען פאָרשריט. ווערענדיג אָפּגעהאַלטען אין מיטען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער קאָנפערענץ אין האַוואַנאַ אויך געדינט אַלס באַגייסטערנדע באַשטעטיגונג פון דעם לעבענס כח פון דער דעמאָקראַטיע אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט און האָט עס אויסגעשטעלט אין בולט'ען קאָנטראַסט צו דער פאַנאַנדערפאַלונג פון דעמאָקראַטיע און אַרבייטער רעכט אויף יענער זייט ים.

אָט די אַלגעמיינע געדאַנקען איז שאַרף אונטערגעשטראָכען געוואָרען אין דער ערעפענונגס־רעדע פון דעם אויסלאַנדס־מיניסטער פון דער קובאַנער רעגירונג, דר. מיגועל קאַמפּאַ, וועלכער האָט אָנגעוויזען אויף דעם קאָנטראַסט אין די הערשענדע באַדינגונגען אויף ביידע זייטען ים און האָט אונטערשטראָכען, אונטער די אַפּלאָדיסמענטען פון די דעלעגאַטען, דעם גרויסען פאַרשפּרעכען וואָס אַמעריקע ענטהאַלט פאַר דער צוקונפט פון דער מענשהייט. דזשאָן ג. ווינאַנט, דירעקטאָר פון אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט אין זשענעווע און געוועזענער גאָווערנאָר פון ניו העמשייר, האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די אַנוועזענדע, אַז דער איצטיגער צווייטער אַרבייטס־קאָנפערענץ אין קובאַ, נאָך דער ערשטער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין סאַנטיאַגאָ, טשילי, אין 1936, איז אַ רעזולטאַט פון דעם וואַקסענדען אנטייל וואָס אַמעריקע נעמט אין דער אַרבייט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט.

דירעקטאָר ווינאַנט האָט אויך צוגעשטעלט דער קאָנפערענץ אַ באַלערענדען באַריכט וועגען דער עקאָנאָמישער און אַרבייטס־אַנטוויקלונג אין דעם אַמעריקאַנער וועלט־טייל. דער אַלגעמיינער בילד וואָס האָט זיך אויסגעמאָלען דורך דעם באַריכט איז געווען פון אַ ריזיגען קאָנטינענט וואָס ענטוויקעלט זיך שנעל צו געזעלשאַפטליכער רייפקייט. אמת, עס זיינען נאָך פאַראַן די אומפאַרמיידליכע אונטערשיידען צווישען די פאַרשידענע אַמעריקאַנער פעלקער, אָבער באַדייטענדער פאָרשריט איז שוין געמאַכט געוואָרען און ווערט געמאַכט טראָץ די פילע שטערונגען. פילע פּראָבלעמען דערנענטערען זיך צו אַ שנעלער לייזונג דורך דער פאַרשטענדיגונג און קאָאָפּעראַציע פון די אַמעריקאַנער פעלקער.

אין דער צייט אָבער וואָס די קאָנפערענץ איז געווען אין אַ געוויסען זין אַן אַנטפּלעקונג פון דער איינגעבוירענער קראַפט פון דער אַרבייטער און סאָציאַלער דעמאָקראַטיע, האָט עס גלייכצייטיג אויך געוואָרפען אַ שאַרפען זייטען־ליכט אויף די פּאָליטישע באַדינגונגען אין קובאַ. די באַהאַלטענע מאַכינאַציעס פון די קאָמוניסטען אין די לאַטייניש־אַמעריקאַנישע לענדער און די מערקווירדיגע זיגזאַגישע ליניע זייערע איז, פאַר'ן מאָמענט וויניגסטענס, אַרויסגעבראַכט געוואָרען זייער בולט. איינע פון די מערקווירדיגע געשעענישען פון דער האַוואַנאַ קאָנפערענץ איז געווען דאָס באַשטימען פון לאַזאַראָ פּעניאַ, דעם וויכטיגסטען קאָמוניסטישען פירער פון קובאַ אַלס דעם אַרבייטער פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ. פּעניאַ איז אַ געשוואָרענער קאָמוניסט און אַזאַ פּינקטליכער נאָכפאָלגער פון דער סטאַלינישער ליניע ווי מען קען עס וואו עס איז געפינען. דאָס איז גענוג קלאָר באַוויזען געוואָרען דורך זיינע כסדר'דיגע אַטאַקעס אויף דער פּאָליסי פון די פאַראייניגטע שטאַטען צו אירע שכנים און דורך זיינע פאַרזוכען אַריינצושמוגלען רעזאָלוציעס פון קאָמוניסטישען קאָליר און פאַרב. ווען ניט די וואַכזאַמקייט פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער דעלעגאַטען, די בעאַמטע פון אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט און די אַנטי־קאָמוניסטישע אַרבייטער פאַרטרעטער פון אַרגענטינע און בראַזיליען, וואָלטען פּעניאַס' קאָמוניסטישע מאַנעווערס געלונגען פיל מער ווי עס איז געווען דער פאַל.

די קאָמוניסטען, וועלכע זיינען מיט אַזאַ אימפּעט אַריינגעזעצט געוואָרען אין אַ פּאָזיציע פון אָפיציעלער פּראָמינענץ ביי דער קאָנפערענץ, האָבען זיך געאיילט אָפּצוצאָלען דעם חוב צו דעם אמת'ען הערשער פון קובאַ. די קובאַנער רעפּובליק, אונגעאַכטעט אויף איר דעמאָקראַטישע פּרעטענזיעס, ווערט אין דער אמת'ען רעגירט פון דעם פּאָלקאָווניק פולגענציאָ באַטיסטאַ. ער איז דער „שטאַרקער מאַן" פון אינזעל און איר מיליטערישער דיקטאַטאָר פאַר די לעצטע פינף יאָר. אַזוי שנעל ווי די אַרבייטס־קאָנפערענץ האָט פאַרענדיגט איר אַרבייט, האָט דיקטאַטאָר באַטיסטאַ ערקלערט זיין אַבזיכט צו רעזיגנירען פון דער אַרמיי און לויפען פאַרן פּרעזידענט אמט פון דער רעפּובליק אין 1940. אַזוי שנעל ווי ער האָט אַנאָנסירט זיין קאַנדידאַטור, האָבען די קאָמוניסטען מיט באַגייסטערונג אונטערשטיצט זיין פאַרלאַנג און זייער פּאַרטיי האָט אים גלייך איינשטימיג נאָמינירט אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט. דאָס וואָס די גוטהייסונג פון אַ מיליטערישען דיקטאַטאָר אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט שטימט ניט אינגאַנצען מיט די פּרינציפּען און גלויבען פון קאָמוניזם, האָט אין קובאַ קיינעם ניט געקימערט און וויניגער פון אַלעמען דעם הערען פּעניאַ און זיינע נאָכפאָלגער...

ווער פאַרט איז דער באַטיסטאַ און וואָס איז זיין רעקאָרד? באַטיסטאַ'ס קאַריערע, וועלכע האָט אים דערהויבען צו דער הויך פון אַבסאָלוטען הערשער פון קובאַ, איז געווען פּלוצלונג און בליץ־שנעל. דער געוועזענער סטענאָגראַף און שייגער(?) אַרמיי־אָפיציר איז דערהויבען געוואָרען צו דער שטופע פון מאַכט אין דער רעגירונג אויף די כוואַליעס פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער אומרואיגקייט, וועלכע האָט אַרונטערגעשווינקט די פריערדיגע דיקטאַטור פון פּרעזידענט מאַטשאַדאָ. די מאַטשאַדאָ דיקטאַטור האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איר אכזריות'דיגער באַהאַנדלונג פון די אַרבייטער און מיט אומגלויבליכער קאָרופּציע, וועלכע האָט דורכגעדרונגען אַלע שיכטען פון דער קובאַנער געזעלשאַפט.

נאָך אַ פּעריאָדע פון פּאָליטישער אומרואיגקייט, האָט זיך באַטיסטאַ באַפעסטיגט אין זאַטעל מיט דער הילף פון די מיליטערישע קרייזען און מיט אַלגעמיינער צושטימונג. אַ שטיקעל צייט איז אַלץ געגאַנגען גוט. אָבער באַלד האָט זיך ווידער באַוויזען דער אמת'ער, מערדערליכער כאַראַקטער פון דיקטאַטור. די אַרבייטער באַוועגונג איז ווידער שרעקליך אונטערדריקט געוואָרען; איר געזעצליכער סטאַטוס איז געבליבען שטאַרק אונזיכער ביז היינט צו טאָג. באַטיסטאַ'ס פּאָפּולערע דיקטאַטור האָט זיך אָבער פונדעסטוועגען ניט געקענט ערלויבען נאָכצופאָלגען מאַטשאַדאָ'ס אכזריות'דיגע מעטאָדען. די יוניאָנס האָבען זיך ביסלאַכווייז אַרויסגעריסען אויף דער אויבערפלאַך. די אַלגעמיינע נויט און הונגער, צוזאַמען מיט דער הארצלאָזער עקספּלואָטאַציע פון די מאַסען דורך די באַפעסטיגטע געלט־אינטערעסען, האָט זיי אין דעם געהאָלפען.

באַטיסטאַ און זיין כלומרשט דעמאָקראַטישע גולם־רעגירונג, אונטער פּרעזידענט לאַרעדאָ ברו, האָט שנעל באַגריפען דעם וואַקסענדען כח פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער. די פראַגע איז געווען וואָס צו טאָן. פון אונטערדריקען די אַרבייטער באַוועגונג מיט געוואַלד האָט קיין רעדע ניט געקענט זיין. די רעגירונג האָט געזוכט אויסצומיידען אַ ווידערהאָלונג פון די פּאַסירונגען וועלכע האָבען געפירט צו דער שטירצונג פון דעם מאַטשאַדאָ רעזשים. דער איינציגער מיטעל, וואָס איז דער רעגירונג געבליבען, איז צו פּרובירען קאָנטראָלירען די אַרבייטער באַוועגונג פון אינעווייניג דורך אַ גרופּע בויגעוודיגע און געוויסענלאָזע בראַזים, וועלכע וועלען זיין גרייט צו פירען די אַרבייטער לויט דעם ווילען פון די דיקטאַטאָרען. אָט די סאָרט פירערשאַפט האָט זיי מיט פאַרגעניגען צוגעשטעלט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אַזוי אַרום איז צושטאַנד געקומען דאָס צוזאַמענאַרבייטען פון דער דיקטאַטור מיט די קאָמוניסטישע פירער פון אַרבייטער. באַטיסטאַ און די קאָמוניסטען האָבען ביידע באַגריפען, אַז זייערע אידעען און צילען זיינען די זעלביגע אין פילע הינזיכטען...

די צווייטע אינטער־אַמעריקאַנער אַרבייטס־קאָנפערענץ האָט זיך געשלאָסען מיט דער שלאָגענדער פראַזע פון דירעקטאָר ווינאַנט: „אין אונזער זוכען סאָציאַלען פאָרשריט מעגען מיר העלפען דער אַלטער וועלט אויף דאָס ניי צו ענטדעקען אַמעריקאַ, אירע וועגען פון פריידען און איר גלויבען אין רעגירונג פאַראַנטוואָרטליך צום פאָלק". אין ליכט פון דער שותפות צווישען באַטיסטאַ מיט די קאָמוניסטען אין קובאַ האָט די לעצטע פראַזע געקלונגען ניט מער ווי אַ פרומער וואונש... יאָ, דעמאָקראַטיע האָט זיך אָנגעזעצט און איז געווען זיגרייך דורך די אַלע פאַרהאַנדלונגען ביים אינטער־אַמעריקען קאָנפערענץ פון אַרבייט, אָבער מיט באַטיסטאַ און זיינע קאָמוניסטישע מאַריאָנעטען, האָט די אַרבייט פון קאָנגרעס אויסגעזען צעדרייט, אָדער גאָר לעכערליך.

אין קובאַ, ווי אין אַנדערע לענדער, האָט קאָמוניזם מיט זיין שטענדיג זיך בייטענדיגע און זיך ווידערשפּרעכענדע ליניע פון געדאַנק און האַנדלונג, זיך אַרויסגעוויזען אַלס גרעסטע שטערונג פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג.

בלוט וואָס זידט...

פון דוד מענעס

מאַמע!
האָסט אויסגעוויגט אויף קני אַ לעבען
און אַ ירושה מיטגעגעבען
בלוט וואָס זידט און וויל ניט הערען
דעם גורל רוף און אַנטשוויגען ווערען,
דעם גלאָק פון צייט און שפּעטע יאָרען,
פון פּיס וואָס זיינען מיד געוואָרען
פון גאַנג...

מאַמע!
פון קאַלטען צפון בלאָזט אַ ווינט,
טרייבט פאָראויס אַ נאַכט ווי טינט,
און שפּרייט איר אויף דער ערד
וואָס פאַר מיר האָט גאָט באַשערט
איז שוין געווען — כ'וויל ניט מער.
ווער ציטערט אין בלוט אַ ווילד באַגער
פאַר נאָך?

מאַמע!
גרייט מיר מיין געלעגער צו,
בעט מיר אויס אַ בעט פון רו,
און בענטש מיך מיט אַ טיפען שלאָף.
וויג און וויג מיין מידען גוף
און וועק מיך ניט צו נייעם טאָג.
פאַרגעס און זאָג:
וועמען מזל האָט פאַרזען
דער איז קיינמאָל ניט געווען...

דייטשלאַנד איז אין פולשטענדיגען איינקלאַנג מיט סטאַלינ'ס באַוואָרשאַפט מיט היטלער'ן און מיט דער איצטיגער ליניע פון דער פּראָ־היטלעריסטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. שטימט עס אָבער גאָר ניט מיט דער ליניע פון דער אינטערנעשאַנאַל. די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל האָבען די פליכט אָנצוהאַלטען דעם בויקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד. און זיי דאַרפען טאַקע איצט באַזונדערס אויפפּאַסען. אַז דער בויקאָט זאָל אָנגעהאַלטען ווערן מיט זיין גאַנצער שטרענגקייט, ווייל היטלער'ס קאָמוניסטישע פּאַרטייען וועלען אַלץ טאָן דעם בויקאָט געגען נאַצי־דייטשלאַנד צו ברעכען.

# בילדונג־טעטיגקייט אין אמעריקאנער יוניאנס

## און דער בילדונגס־דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל.

### פון פראפעסאר א. דוביצקי.



בילדונג־טעטיגקייט פארנעמט א וויכטיגען ארט אין די אמעריקאנער יוניאנס. עס איז ניט מעגלאך זיך פארצושטעלען א וועלכע ניט איז וויכטיגע יוניאן, וואס זאל ניט ארייננעמען אלס איינע פון אירע אויפגאבען בילדונג־טעטיגקייט. מען קען אפילו זאגען, וואס מער אויפמערקזאמקייט און ענערגיע א יוניאן גיט אויף דער בילדונג־טעטיגקייט, אלץ מער קאן אזא יוניאן זיין זיכער צו דערגרייכען אירע אלגעמיינע צילען. נאך מער, די בילדונג־טעטיגקייט הייבט זיך אפילו אן נאך איידער דער עקזיסטענץ פון דער יוניאן גופא. אום צו ארגאניזירען א יוניאן פאדערט זיך אנצופירען א גוואלטיגע פראפאגאנדע־טעטיגקייט, א גוואלטיגע אויפקלערונגס־ארבייט צווישען די קומענדיגע יוניאן־מיטגלידער. אויף אזא אופן קאן מען איינטיילען די בילדונג־טעטיגקייט פון א יוניאן אין פארשיידענע פאזען און עטאפען, לויט א גאנצער רייע פון אירע פארצווייגטע אויפגאבען. די ערשטע פאזע אין דעם דאזיגען עטאפ איז, ווי געזאגט, די ארגאניזאציע אין דער יוניאן ארבייטער פון א געוויסער אינדוסטריע. די צווייטע פאזע איז דירעקטע בילדונג־ארבייט פאר די מיטגלידער פון דער יוניאן גופא. די דריטע פאזע באשטייט אין אויפקלערונג־ארבייט אויסער דער יוניאן מיט דעם צוועק צו שאפען א גינסטיגע געזעלשאפטלעכע מיינונג. פאר דער עקזיסטענץ פון די יוניאנס און פאר זייערע צילען.

די דאזיגע דריי פאזען זיינען אנגעמערקט ניט מער, ווי סכעמאטיש. זיי שעפען בשום אופן ניט אויס א גאנצע ריי אנדערע אויפגאבען פון א יוניאנ'ס בילדונג־טעטיגקייט. א יוניאן, וואס איז געהעריג און ערנסט פאראינטערעסירט אין דערגרייכען אירע אלגעמיינע צילען קאן זיך מיט דעם ניט באגרעניצען. די אלגעמיינע צילען פון א יוניאן זיינען גוואלטיג פאראנטווארטליך. דאס דערגרייכען פון די דאזיגע צילען באגעגענט גרויסע שטערונגען — סיי אביעקטיווע, סיי סוביעקטיווע. דערפאר טאקע זיינען די אלגעמיינע אויפגאבען פון א יוניאן אומאפטיילבאר צונויפגעפלאכטען מיט דער יוניאנ'ס בילדונג־טעטיגקייט. און דערפאר טאקע איז די בילדונג־טעטיגקייט פון א יוניאן אזוי גוואלטיג שווער און פאראנטווארטליך.

---

בילדונג־טעטיגקייט אין אמעריקאנער יוניאנס איז ניט קיין נייע פראבלעם. ווי שוין געזאגט, הייבט זיך אן די בילדונג־טעטיגקייט פון א יוניאן נאך איידער דער עקזיסטענץ פון דער יוניאן גופא. ניט זייענדיג קיין נייע פראבלעם קאן אבער די בילדונג־טעטיגקייט קיין מאל ניט ווערען אן אלטע פראבלעם. דאס לעבען בייט זיך, די באדינגונגען און די אויפגאבען פון דער יוניאן בייטען זיך און מיט דעם — די אויפגאבען פון דער בילדונג־טעטיגקייט. אין איינעם מיט די נייע אויפגאבען מוזען זיך אויך בייטען די מעטאדען פון דער בילדונג־טעטיגקייט. אין זאך פארבלייבט אומפארענדערט זינט דעם אנהייב פון דער געשיכטע פון דער טרייד־יוניאן באוועגונג — און דאס איז די שוועריגקייט אויסצוארבייטען און אויסצוגעפינען די בעסטע מעטאדען, מיט וועלכע די בילדונג־טעטיגקייט אין א יוניאן זאל אנגעפירט ווערען. מיט וואס פאר א גוואלטיגע שוועריגקייטען עס איז פארבונדען די פראגע אויסצוגעפינען די בעסטע מעטאדען פאר א יוניאנ'ס בילדונג־טעטיגקייט איז גוט באוואוסט יעדען וואס האט צו דער פראגע א וועלכע ניט איז שייכות. וועגען דעם איז א סך גערעדט געווארען און אויך ניט ווייניג געשריבען געווארען. באזונדערס אין דער גאר לעצטער צייט. עס הייבען זיך אן וועגען דעם באווייזען ארטיקלען אין ערנסטע זשורנאלען, פאמפלעטען און ביכער. מיט דער פראגע האט זיך פאראינטערעסירט דער ברוקלינער סיטי קאלעדזש. די ביורא פאר עקאנאמישער וויסענשאפטלעכער אויספארשונגס־ארבייט אנטהאלט אויך א גרופע, וואס פארנעמט זיך מיט שטודירען ארבייטער פראגען. אין משך פון די לעצטע זיבען חדשים פירט די דאזיגע גרופע אן אן אויספארשונג פון דער בילדונג־טעטיגקייט אין די יוניאנס. פאר דער צייט האט די גרופע ארומגענומען די בילדונג־טעטיגקייט פון 29 יוניאנס. צווישען די ערשטע יוניאנס מיט וועמעס בילדונג־טעטיגקייט די גרופע האט זיך פאראינטערעסירט איז געווען די אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט וואירקערס יוניאן. דער בילדונגס־דירעקטאר פון דער יוניאן, מארק סטאר, האט אויף איינער פון די זיצונגען פון דער גרופע אנגעגעבען א געגריעם באריכט וועגען דער יוניאנ'ס בילדונג־טעטיגקייט. מיטגלידער פון דער גרופע האבען באזוכט מיטינגען פון דער יוניאן, לעקטשורס און קלאסען. לויט דער וויכטיגקייט און לויט דעם פארנעם פון דער יוניאנ'ס בילדונג־טעטיגקייט פארנעמט די א. ל. ג. וו. י. דעם ערשטען ארט אין פארגלייך מיט די אנדערע יוניאנס, וואס זיינען פון דער גרופע אויסגעפארשט געווארען. די אויספארשונג כאפט ארום איניגע אלגעמיינע פראגען — די היסטארישע אנטוויקלונג פון דער יוניאן, דער טיפ פון דער יוניאן — און גייט אריבער צו דער געשיכטע פון דער יוניאנס בילדונג טעטיגקייט, דער אויפגאבע פון דער בילדונג־טעטיגקייט, דעם בילדונגס־מצב פון די מיטגלידער, דער פראגע פון פינאנצען און אדמיניסטראציע. עס ווערט אויך באריט די פראגע וועגען בילדונגס־מעטאדען, די פראגע וועגען קלאסען, זומער־שולען, קורסען — קורסען פאר יוניאן־טוער, פאר סאציאלע וויסענשאפטען, פאר ענגליש — וועגען לייען־מאטעריאל, וואס ווערט באנוצט אין די קלאסען, וועגען דעם אופן און דעם מעטאד ווי די קלאסען ווערען אנגעפירט — וועגען שטודיר־קלאסען, דיסקוסיאנס־גרופען, פראיעקטען־מעטאד א. אז. וו. ווייטער, די פראגע וועגען לערער און וועגען פלאנירען דאס לערנען. אויך די פראגע וועגען דער צאל מיטגלידער פון דער יוניאן, וואס באזוכען קלאסען און וועגען דער צאל מיטגלידער, וואס נעמען בכלל אנטייל אין דער בילדונג־טעטיגקייט.

די בילדונג־אפטיילונג פון דער א. ל. ג. וו. י. האט זיך געגרינדעט, ווי באוואוסט, אין יאר 1917. אין דעם איצטיגען מאמענט פירט די יוניאן אן 620 קלאסען און גרופעס אין 58 שטעט פון לאנד, אין וועלכע עס נעמען אנטייל מער ווי 25 טויזענט סטודענטען. א חוץ דעם סטעף פון דער נאציאנאלער בילדונג־אפטיילונג זיינען אנגעשטעלט בילדונגס־דירעקטארען אין 25 ארטיגע יוניאנס פון די פאראייניגטע שטאטען און קאנאדע. אין יאר 1937 האט די יוניאן אויסגעטיילט 18 סקאלארשיפס אין ארבייטער'ס זומער־שולען און קאלעדזשעס.

אום ארומצוכאפען מיט בילדונג־ארבייט די 260 טויזענט מאסען־מיטגלידערשאפט, ארגאניזירט די יוניאן פאפולערע לעקציעס, מוזיקאלישע, דראמאטישע און ראדיאפראגראמען, מאוויס, עקסקורשאנס, א. אז. וו.

א באזונדער ארט פארנעמט דער „לייבאר סטיידזש". דער מאנדאלין־ארקעסטער מיט 90 אנטיילנעמער, א געמישטער כאר מיט 120 שטימען, א סטרונען־ארקעסטער, א בלאז־אינסטרומענט ארקעסטער, טאנץ־גרופען, אטלעטישע און גימנאסטישע גרופען א. א. די בילדונג־אפטיילונג פארנעמט זיך אויך מיט ארויסגעבען ליטעראטור — פאמפלעטען, ליפלעטס און צירקולארען. צווישען די יארען 1934—1938 האט די בילדונג אפטיילונג פארשפרייט 200 טויזענט עקזעמפליארען אויף 60 טעמעס. דאס וויכטיגסטע פון זיי איז געווען א האנד־בוך פאר טרייד־יוניאן מעטאדען, וועלכער האט זיך אין משך פון 6 חדשים פארקויפט אין 15 טויזענד קאפיעס.

די בילדונג־אפטיילונג גיט אויך ארויס וויקטראלארעקארדס פון יוניאן לידער, מוזיק פאר כארען, מאוויפילמס א. אז. וו.

די יוניאן באזארגט אירע מיטגלידער מיט א געזונדהייט־צענטער און מיט א צענטער פאר זומער־וואקאציעס — יוניטי הויז. די יוניאן גיט ארויס 4 מאנאטליכע זשורנאלען: ענגליש, אידיש, שפאניש און איטאליעניש.

איינע פון די וויכטיגסטע אויפטואונגען פון דער בילדונג־ארבייט אין דער לעצטער צייט, איז ספעציעלע קורסען פאר יוניאן־פירער. די דאזיגע קורסען זיינען אבליגאטאריש פאר יעדען איינציגען קאנדידאט, וואס וויל ווערען א יוניאן־באאמטער. מער ווי 300 מיטגלידער פון דער יוניאן האבען אנטייל גענומען אין די דאזיגע קורסען אין ניו יארק אין משך פון דעם 1938־1939 לערן־יאר. אויף די קורסען ווערט געלערענט די געשיכטע פון דער יוניאן, עקאנאמיקס פון דער גארמענט־אינדוסטרי, טרייד־יוניאן באדינגונג און פארלאמענטארישע רעגולירונג.

ענליכע קורסען ווערען אנגעפירט אויך אין אנדערע שטעט.

---

דעם צווייטען ארט, לויט דעם פארנעם פון איר בילדונג־אפטיילונג, פארנעמט די אמאלגאמייטעד. א צענטראלע „אפטיילונג פאר קולטורעלער אקטיוויטעט" איז געגרינדעט געווארען אין יאר 1938. אכט לאקאלע קאנפערענצען זיינען איינגערופען געווארען אום אויסצוארבייטען א פראגראם, וואס אנטהאלט ראדיא און מוזיקאלישע פארטראגען, שטודיר־גרופען, אויפקלערונג־ארבייט פאר עלטערען, דראמאטישע, טאנץ און ספארט־גרופען, ספעציעלע קינדער גרופען, א חוץ לעקציעס און מאווי פארשטעלונגען. פינף אנגעשטעלטע פירען אן די ארבייט אין באסטאן, ראטשעסטער, פילאדעלפיע, ניו דזשוירזי און איסט פענסילווייניע. די בילדונג־אפטיילונג גיט ארויס שריפטליכע קארעספאנדענץ־קורסען, אויף וועלכע אין יאר 1939 זיינען געווען פאררעגיסטרירט 900 סטודענטען. יענע סטודענטען, וועלכע פארענדיגען א ספעציעלען 6־וואכיגען שטודיר־קורס באקומען סקאלערשיפס פאר א זומער־קעמפ שול.

די בילדונג־אפטיילונג פארנעמט זיך אויך מיט ארגאניזירען פארוויילונגען פאר די מיטגלידער פון דער יוניאן.

---

מען וואלט געקענט זיך אפשטעלען אויף דער בילדונג־טעטיגקייט פון א גאנצער ריי אנדערע יוניאנס און אויך אויף דער טעטיגקייט פון א ריי ספעציעלע ארגאניזאציעס און ספעציעלע קאלעדזשעס, באזונדערס זומער־קעמפס, וואס פארנעמען זיך מיט ארבייטער־בילדונג און אויך אויף דער טעטיגקייט פון דער פעדעראלער רעגירונג אויפ'ן געביט פון ארבייטער בילדונג, וואס ווערט אנגעפירט אין דער פארם פון איינער פון די „דאבעליו פי איי" פראיעקטען — בילדונג פאר דערוואקסענע. אגב, צוליב דעם, וואס די רעגירונג שניידט די אויסגאבען פון די „דאבעליו פי איי" פראיעקטען, זיינען אויך פארקלענערט געווארען די מאנדען פאר בילדונג פאר דערוואקסענע און אויף אזא אופן ליידט שטארק צוליב דעם אויך די בילדונג־טעטיגקייט פון די יוניאנס. זיך אפצושטעלען אויף די אלע אנגעמערקטע פראגען וואלט פארנומען צופיל ארט.

א חוץ דעם זיינען מיר ניט פאראינטערעסירט צו געבען א בילד וועגען דעם, וואס עס ווערט געטאן אויפ'ן געביט פון ארבייטער־בילדונג, נאר אונטערפירענדיג א סך־הכל און אונטערשטרייכען איניגע אלגעמיינע וויכטיגע פרינציפען, אויף וועלכע ארבייטער־בילדונג בכלל דארף אין דעם איצטיגען מאמענט אנגעפירט ווערען. אבער איידער מיר גייען אריבער צו אן אלגעמיינעם אויספיר וואלט זיך אונז פרייער וועלן אויסטיילען א געוויסע אקטיוויטעט אין דער בילדונג־טעטיגקייט פון דער א. ל. ג. וו. י., און דאס איז דער „לייבאר סטיידזש". די דאזיגע אקטיוויטעט פון דער יוניאן פארדינט אויסגעטיילט צו ווערען באזונדער. איינע פון די באזונדערע שוועריגקייטען אין ארבייטער בילדונג, ווי אין בילדונג פאר דערוואקסענע בכלל, באשטייט אין דעם, וואס פאר מענשען אהן א געהעריגער און לאנגיאריגער צוגרייטונג און אהן געוויסער דערפארונג און איבונג איז ניט אזוי לייכט אויפצונעמען ריין־טעארעטישע באגריפען און אבסטראקטע אידייעס. אבסטראקטע טעאריעס זיינען צוגענגליך נאר פאר א געוויסען טיפ ארבייטער, פאר אן ארבייטער מיט באזונדערע פעאיקייטען און מיט א ספעציעלען אינטערעס פאר אן אנגעשטרענגטען שטודיום. אזוינע ארבייטער פארנעמען זיך געוויינליך מיט זעלבסט־בילדונג, לייענען אליין, און זיינען דערפאר צוגעגרייט פאר לעקציעס און פאר שטודיר־קלאסען. וואס איז אבער שייך די ברייטע ארבייטער־מאסען, זיינען פאר זיי וויסענשאפטלעכע לעקציעס, אפילו זייער פאפולערע, ניט אלע מאל צוגענגליך.

דערפאר, אום צו באאיינפלוסען סאציאל ברייטע מאסען, איז וויכטיק צו פערזאניפיצירען געוויסע אבסטראקטע אידייעס און אפילו געוויסע פאליטישע לאזונגען אין קאנקרעטע פארמען פון לעבעדיגע פיגורען, ווי דאס ווערט געטאן אין „פינס און נידעלס".

עס מאכט אפילו ניט אויס, וואס געוויסע אידייעס ווערען פערזאניפיצירט אין איבערטריבענע, האלב־קאריקאטורירטע, גראטעסקע פארמען. קונסט איז אמאל פארבונדען מיט אירא[n]יזירען די ריאלע ווירקליכקייט.

מיט אפשפיגלען דאס לעבען אין א קרומען שפיגעל. קונסט מאלט אפטמאל די רעאלע ווירקליכקייט אין איבערטריבענע פארמען, אום בולט'ער ארויסצוברענגען איר אמת'ן אינהאלט. ווייל די אמת'ע ווירקליכקייט איז דאך שטענדיג קרום.

פראפאגאנדע הייסט ניט גאר באאיינפלוסען ראציאנאל נאר באזונדערס עמאציאנאל — מיט אנדערע ווערטער, בייטען, איבעראנדערשען די פסיכאלאגיע.

די ארבייטער־באוועגונג נויטיגט זיך ביי הייטיגען טאג מער ווי אלץ אין באאיינפלוסען די מאסען, אין קריסטאליזירען זייערע אידייעס און פארמירען זייער וועלט־אנשויאונג. די דאזיגע נייע מיטלען פון פראפאגאנדע, די דאזיגע נייע פאליטישע קאמף־מיטלען זיינען געווארען א טייל פון דער יוניאנס בילדונג־טעטיגקייט.

---

די ארבייטער־באוועגונג נייטיגט זיך ביי היינטיגען טאג מער ווי אלץ, — האבען מיר נאר וואס באמערקט — אין באאיינפלוסען די מאסען, אין קריסטאליזירען זייערע אידייעס און פארמירען זייער וועלט־אנשויאונג. ווארים, — ווילענדיג צו ניט ווילענדיג, מוזען מיר דאך אנערקענען, ווייניגסטענס צווישען זיך, אז די אלוועלטליכע ארבייטער באוועגונג געפינט זיך ביי היינטיגען טאג אין א צושטאנד פון א גוואלטיגען קריזיס און מאכט דורך א פאזע פון א אידייאישען כאאס, וואס האט צו זיך ניט קיין גלייכען אין דער גאנצער געשיכטע פון דער סאציאליסטישער ארבייטער־באוועגונג. מיר וויסען זייער גוט, ווער עס טראגט פאר דעם די גרעסטע פאראנטווארטליכקייט. דערפון ענדערט זיך אבער ניט אויף א האר די לאגע גופא. אויב אן אמעריקאנער מאטאו („מר. סמיט גא'ס טו וואשינגטאן") האט דעם מוט עפענטליך אויפצודעקען — אויף אן אויסערגעוויינליך אויסדרוקספולען אופן — די שוואכקייטען פון אונזער אמעריקאנישער דעמאקראטישער סיסטעם, דארפען מיר זיין די לעצטע אויף דעם צו פארמאכען די אויגען, און מיר מוזען אומבאדינגט זיין די ערשטע אנצואווייזען, און ניט נאר אנצואווייזען, נאר אויך אנצואווענדען אלע מיטלען, אום די דאזיגע אמעריקאנישע דעמאקראטישע סיסטעם זאל טאקע באמת פונקציאנירען און טאקע אויף א באמת דעמאקראטישען אופן.

און אין דעם ליגט די גוואלטיגע באדייטונג און די גוואלטיגע וויכטיגקייט פון ארבייטער־בילדונג.

היטלער אין „מיין קאמף", שרייבט וועגען דער דייטשער פארלאמענטאריש־דעמאקראטישער סיסטעם אין דער עפאכע פון דער ווימאר־קאנסטיטוציע פאלגענדעס: „פינף הונדערט דערוויילטע מענער — און לעצטענס אויך פרויען — זיינען אנפארטרויט צו באשליסען אנטגילטיג וועגען אלץ. די אליין שטעלען מיט זיך פאקטיש פאר די רעגירונג". און ווייטער: „קיינער קאן ניט דערווארטען, אז די דאזיגע פאלקס־דערוויילטע זאלען צו גלייכער צייט זיין די אויסדערוויילטסטע אין אינטעלעקט און אפילו אין פשוט'ן שכל. און איך האף, אז קיינער טראכט ניט, אז פון די שטימען, אפגעגעבען פון א קערפערשאפט פון וויילער, וואס זיינען אלץ אין דער וועלט — אבער ניט קלוג — קאנען שטאטסלייט ארויס אין די תוצדערטער. אין אלגעמיין איז אוממעגליך צו שארף אפצושטרייטען די נארישע מיינונג, אז געניאלע מענשען ווערען געבארען דורך אלגעמיינע וואלען". „עס איז גרינגער פאר א קעמעל דורכצוקריכען דורך דעם אויער פון א נאדעל ווי א גרויסער מענש זאל „אנטדעקט" ווערען דורך וואלען".

באמערקונגען אין „מיין קאמף", וואו היטלער דריקט אויס זיין גוואלטיגען אומצופרידענהייט צו די מאסען דינען, אגב, אין די ווייטערדיגע אויסגאבען דורכגעלאזען. עס וואלט, מעגליך, געווען בעסער, ווען מען וואלט אין יענער צייט מער אויפמערקזאמקייט געשענקט היטלער'ס „מיין קאמף", און זיך באצויגען מיט מער ערנסטקייט צו זיין באוועגונג.

יעדענפאלס, איצט דא פאר אונז אין אמעריקע איז וויכטיג צו ציען די געהעריגע אויספירען פון דעם אלוועלטליכען היטלעריזם. און איין אזא אויספיר איז די גוואלטיגע וויכטיגקייט פון ארבייטער־בילדונג בכלל און פון דער בילדונג־טעטיגקייט אין די יוניאנס בפרט.

ניט נאר העלפט די בילדונג־טעטיגקייט אויפבויען און אויפהאלטען יוניאנס. עס האנדעלט זיך וועגען עפעס א סך וויכטיגערעס. די גאנצע אמעריקאנישע דעמאקראטישע סיסטעם קאן אין דער נאענטסטער צוקונפט שטארק באדראָט ווערען, ווען עס זאל זיך ניט איינגעבען דורך גוואלטיג גרויסע און ענערגישע אנשטרענגונגען צו הערכערען די פאליטישע באוואוסטזיניגקייט פון די ברייטע אמעריקאנער מאסען און — אין דער ערשטער ריי — פון די ברייטע ארבייטער־מאסען.

אין אונזער ארטיקעל אין דעצעמבער נומער פון „גערעכטיגקייט", האבען מיר אנגעוויזען אויף דעם, אז די אמעריקאנער יוניאן־באוועגונג דארף זיך שטעלען פאר איר אויפגאבע אין דער צוקונפט איינצופירען אן אלגעמיינע דרייסיג־שעה'דיגע ארבייט־וואך, א זעקס־שטונדיגען ארבייטס־טאג אהן א פארקלענערונג פון ווידזשעס.

מיר האבען אנגעוויזען אויף דעם דערפאר, ווייל מיר רעכענען, אז נאר אין דער ריכטונג איז מעגליך צו געפיניען א לייזונג פאר דער פראבלעם פון דער טעכנאלאגישער ארבייטסלאזיגקייט. א דרייסיג־שטונדיגע ארבייטס־וואך קאן קלינגען פון אויבען־אויף זייער פאנטאסטיש. אין דער אמת'ן איז אבער אזא פארשלאג באגרינדעט אויף רעאלע און הארטע פאקטען פון דער ווירקלאכקייט, ווייל קירצערע ארבייט־שטונדען, העכערע ווידזשעס און מאקסימום נידעריגע פרייזען איז דער איינציג אמת'ער אופן צו העכערען די קויף־קראפט פון די אמעריקאנער מאסען.

עס האנדעלט זיך ניט נאר וועגען פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער מאסען, נאר וועגען שאפען א געזונטען אינדוסטריעלען וואוקס פון לאנד און א באמת געזונטע און דויערענדע פראספעריטי.

א דרייסיג־שטונדיגע ארבייטער־וואך איז אבער זייער וויכטיג פון נאך א שטאנדפונקט. וויפיל מען זאל ניט ריידען וועגען ארבייטער־בילדונג וועט דאס בלייבען ניט מער ווי א פרומער וואונש, ווען מען זאל ניט האבען אין זינען די רעאלע ווירקליכקייט, די קאנקרעטע לעבענס־באדינגונגען.

מיר וויסען זייער גוט די גוואלטיגע אינטענסיוויטעט, די גוואלטיגע אנגעשטרענגטקייט פון דעם ארבייטס־פראצעס אונטער היינטיגע באדינגונגען פון א מאדערנער אינדוסטריע. די גוואלטיגע טעכנישע אנטוויקלונג, דער גוואלטיגער טעכנישער פראגרעס פאדערט מורא'דיגע שנעלקייט און מורא'דיגע נערוועזע אנגעשטרענגטקייט פון יעדען איינצעלנעם ארבייטער. די ארבייטער־פראדוקטיוויטעט איז טאקע גוואלטיג געשטיגען, אבער דאס לייגט זיך אין דעם ארבייטער'ס ביינער. דער ארבייטער פארלאזט די פאבריק אין גאנצען אויסגעשעפט. דאס איינציגע אויף וואס ער איז פייאיג נאך א טאג ארבייטען אונטער אזוינע באדינגונגען, איז א מאווי, און א ביליגע, לייכטע מאווי, וואס זאל באראיגען די אנגעשטרענגטע נערווען, וואס זאל ניט פאדערען קיין אנשטרענגונג, וואס פארטומעלט דעם מוח, ציט אפ די געדאנקען און דינט דעם איינציגען מיטעל — צייטווייליג צו פארגעסען. עס איז אפילו ניט קיין אפרו. עס איז אזוי ווי א שלאפגעטראנק, ווי א נארקאז ווי טאבאק אדער אלקאהאל.

א זעקס שטונדיגער ארבייטס־טאג וואלט איבערגעלאזט דעם ארבייטער צייט און גייסטיגע ענערגיע פאר בילדונג און פאר גייסטיגער אנטוויקלונג.

פון דער אנדער זייט — ארבייטסלאזע, אדער ארבייטער וועלכע ארבייטען ניט קיין פולע שעה'ן, געפינען זיך אין א געדריקטען גייסטיגען צושטאנד און זיינען צוליב דעם ניט אימשטאנד זיך צו פארנעמען ערנסט מיט לערנען און שטודירען.

א זעקס־שטונדיגער ארבייטס־טאג, פארקלענערענדיג די אלגעמיינע ארבייטלאזיגקייט, וואלט פארגרעסערט די צאל ארבייטער, וואס וואלטען געקאנט זיך אקטיוו באטייליגען אין פארשידענע פארמען פון ארבייטער־בילדונג.

א דרייסיג־שטונדיגע ארבייטס־וואך, האבען מיר אנגעוויזען, וואלט ניט נאר פארבעסערט די לאגע פון די ארבייטער־מאסען, נאר וואלט אויך געשאפען א געזונטען אינדוסטריעלען וואוקס פון לאנד און א געזונטע און דויערענדע פראספעריטי. א דרייסיג־שטונדיגע ארבייטס־וואך וואלט ניט נאר געהעכערט די פאליטישע באוואוסטזיניגקייט פון די ברייטע ארבייטער מאסען און וואלט אויף אזא אופן ניט נאר געווען אין די אינטערעסן פון דעם אמעריקאנער ארבייטער קלאס, נאר העכערענדיג די פאליטישע באוואוסטזיניגקייט פון די אמעריקאנער מאסען וואלט דאס צו גלייכער צייט באפעסטיגט די גאנצע אמעריקאנישע דעמאקראטישע סיסטעם. אין דעם באשטייט די היסטארישע וויכטיגקייט און די אביעקטיווהיסטארישע ראל פון דעם ארבייטער קלאס אין אונזער צייט. די אינטערעסען פון דעם ארבייטער קלאס זיינען אביעקטיוו אין איינקלאנג מיט די אינטערעסען פון דער גאנצער פראגרעסיוו־דעמאקראטישער געזעלשאפט.

## פאבעל

פון נחום יוד.

### דער פוקס

א פוקס, ביים פויער אויפ'ן הויף געפאנגען,
האט איינמאל צופעליג דערהערט
דעם שמועס צווישען הונט און פערד,
וואס איז אין שכנות פון זיין בײדעל אנגעגאנגען:
— „פארוואס, —
גע'טענה'ט האט דער הונט מיט גרויס פארדראס, —
איז ביי דעם באלעבאס אזוי באליבט און טייער
דער שכן אונזערער דער נייער,
דער פוקס!
זיין הויכער וואוקס?
זיין גרויסע שיינקייט, צי זיין פיינער בילען?
ניט מער, די וועלט האט פאר א חכם אים פארחיגט...
איז ביי מיין בעסטען ווילען,
זע איך ניט איין דעם שכל וואס עס ליגט
אין דעם וואס מען דערשפיקט
אין מיטען נאכט א הינדעל צי א דארען האן...
ווייל, ערשטענס, קאנען הינט דאך אויך דאס זעלבע טאן, —
און, צווייטענס, ווערט מען אפט
דערפאר אזוי באשטראפט,
אז אנשטענדיג צו בלייבען איז שוין פיל געזינטער!"
(דער הונט האט פארזיכטיג זיך אומגעקוקט אהינטער...)
— „דער פוקס איז ניט קיין נאר, — האט דא דער פערד
מיט ערנסטקייט דערקלערט, —
און אויב זיין שם איז ניט איינגאנצען א פארדינטער,
איז אבער שטענדיג דא א גרונד
צו דעם וואס לייטען זאגען..."
— „הערט אויף! — האט מער דער פוקס שוין ניט
געקאנט פארטראגען, —
מיך ארט ניט פיל וואס דו באפאלסט מיך, חבר הונט,
נאר מיר איז ביטער,
וואס דו, רב פערד, ביזט מיין באשיצער און פארהיטער..."

ברוך גלאזמאן.

# די זון איז אונטערגעגאנגען היינטיגען פאַרנאַכט

(ערציילונג)



ס איז די לעצטענס געגאנגען זייער ניט גוט, דעם פאר פאלק. אבער — צי דען זיי אליין גייט עס לעצטענס אזוי שלעכט? אלעמען, דוכט זיך, יעדען איינעם אין דער גרויסער שטאט — און אין די קליינע שטעט — גייט איצט מיט'ן פוטער אראפ. ארבייטער קריגען קיין ארבייט ניט, סוחרים מאכען ניט קיין געשעפטען, מענשען פאלען שיר ניט אין די גאסען פון הונגער... און די זון שיינט, און די לבנה לויכט ווי תמיד, — גארנישט, גארנישט פאסירט.

יא, דאס אלץ מעג זיך טאקע זיין אזוי. ס'איז אבער פונדעסטוועגן א חילוק פון זיך ביז יענעם. אז מען הונגערט אליין, טוט פונדעסטוועגן פארט מער וויי, ווי בעת מען הערט, אז יענער הונגערט. און דאס פאר פאלק — פרענק און עטעל — האבען די לעצטע פאר חדשים טאקע אביסעל אונטערגעהונגערט.

פרענק איז א מאליער, א גוטער בעל-מלאכה, אן „על-אראונד-מען". ס'איז ניטא קיין איין זאך אין דעם פעינטער-פאך, וואס ער זאל נישט קאנען: ער איז אי א גוטער דעקאראטאר און אי א „הארד-וואוד-פינישער". ער ארבייט פלינק אויף א הענגענדיגער רעשטאוואניע און קאן שפאלירען אויך. אין די גוטע יארען, פסח'דצייט, האט ער געקראגען גאנצע צוועלף דאלער א טאג. איצט קאן ער אפילו פאר א העלפט דערפון קיין ארבייט ניט קריגען. ס'איז געווען ביי זיי אפגעשפארט אביסעל געלט אין א באנק, טאקע אויך פון די „גוטע צייטען". האט די באנק געקראכט און דאס געלט איז שוין לאנג פאר-לארען געגאנגען.

יא, אין א סך הייזער איז עס די זעלביגע געשיכ-טע... ס'איז פונדעסטוועגן פיל ביטערער, ווען מען קאן אליין, שוין באלד פיר וואכען, ניט באצאלען דעם שפייז-קרעמער. ביי דעם קצב קויפט מען סיי-ווי איצט זעלטען-ווען, — אבייזער מענש, א ווילדער כעס'ן, א רשע, ווארפט זיך שוין צופיל מיט א קונה, וואס צאלט ניט פינקטלעך.

חוץ דעם: ס'איז דאך איצט זומער-לעב, קאן מען דעריבער אויסקומען איינגאנצען מיט גרינס: א קאר-טאפעל, א ציבעלע, א רעטעכעל. עטעל, די אשת-חיל, מאכט אויסגעצייכענט א פרוכט-זופ. אז עס שטייט נאך דערצו א פאר שעה אין אייז-קאסטען, איז עס פשוט טעם גן-עדן.

די אשת-חיל א י ז טאקע עטעל... א מיטעל-וואוקסיגע, מאגערע „פרויקע", מיט א פיגור פון א קליין מיידעל. זי האט נאך א טבע עד-היום דווקא צו טראגען קורצינקע קליידעלעך, קיין אינטש ניט לענגער פון די קני; מיט אזעלכע דינע פיס, ווי אירע, איז זיך גע-וויס ניטא וואס צו שעמען. ווינטער-צייט טראגט זי א לעדערנעם רעקעל, א „לעדערנע העסקע". און אז מען קוקט זי אן פון דער זייט, זעט זי אויס ווי א מיידעלע פון א יאר אכצען. אז זי ווענדעט זיך אבער צו אייך מיט'ן פנים, איז שוין גאר אנדערש: מען ווערט אי-בערראשט פון א צעקארבטען און צעקנייטשטען געזיכט. — א געזיכט פון א פרוי שוין אריבער די פערציג. עס נעמט אביסעל צייט, ביז מען באשטימט ו ו ע ן מען האט דא געהאט דעם טעות: ביי דער אכצען-יאריגער מיידעל, צי ביי דער פערציג-יאריגער אידענע... אין דער באשטימונג העלפען דערצו נאך ארויס א פאר ארויסגעפאלענע ציין הינטער אן אויבערשטער געשפאל-טענער ליפ.

אבער א בריה איז זי — איינס אין דער וועלט. זי איז טאקע נאר ווי באשאפען געווארען פאר שלעכטע צייטען. פון גארנישט מאכט זי דיר א מאלצייט; פון איבערבלייבענישען פון נעכטען — איז אויף מארגען שוין דא ברעקפעסט. ווינטער איז זי נאך אפילו געגאנ-גען אין שאפ אויך, געארבעט ביי דרעסעס; קומענדיג א מידע פון דער ארבייט אהיים, פלעגט זי פונדעסט-וועגן אפקאכען וועטשערע. ס'קאן זיין: איר מיידעלשע פיגור נעמט זיך טאקע אויך פון איר בריה'שקייט... יא, אבער וואס קומט פון דעם ארויס — איצט הונגערט מען אביסעל אונטער. און די זון שיינט, און די לבנה לויכט, — גארנישט, גארנישט פאסירט.

איר מאן, פרענק, איז ניט קיין שלעכטער מאן. ער זשלעקעט קיינמאל ניט קיין כת. (איצט, אז ער ארבייט ניט, העלפט ער איר ארויס אין שטוב). מער נישט — קיין סך כוח האט ער שוין נישט... כאטש ער איז בסך-הכל עלטער פאר איר מיט א דריי-פיר יאר.

אט א שטייגער, זיצט ער איצט און שיילט-אן קאר-טאפעל אויף וועטשערע. ער טוט עס פארזיכטיג, פינקט-לעך, מאנסביליש — ער קארפעט אויס יעדען שווארצען פינטעלע אויף דער קארטאפליע, ער גייט ארום מיט'ן מעסער יעדען בערגעלע, יעדע בראדעווקע אויף דער שאלעכץ, — א שאד זיי גלאט אפצושניידען... פרענק'ס פנים פאסט זיך טאקע פאר אט דער ארבייט, ס'איז אן איינגעפאלען אלט-ווייבעריש פנים: ער האט א קרענק-לעך געלע הויט. און עס קוקט אויס, ווי עס וואלט אויף דעם קיינמאל קיין האר ניט געוואקסען.

דערהויפט איז ביי אים איינגעפאלען דאס מויל. אז ער עפענט אויף דאס מויל, איז א לאך: בלוילעך-בלייכע יאסלעס, און א סימן פון א צאן. ס'איז אזוי: דעם לעצטען יאר האט ער אנגעהויבען ליידען פון פיי-אריע. האט מען געמוזט ארויסנעמען די ציין זיינע. און קיין געלט אויף אריינצושטעלען נייע ציין, איז איצט נישטא... די פיאריע האט זיך ביי אים אנטוויקעלט ביס-לעכווייז פון דעם: שוין א יאר צייט ווי ער ליידט פון א פארגיפטונג, פון „לעד-פאיזען". פון דעם אנגעזאפטען פארבען-בליי ביי אים אין קערפער. און פון „לעד-פאיזען" ליידט ער, ווייל ער איז שוין עטלעכע און צוואנ-ציג יאר א פיינטער. הכלל, א חד-גדיא!

יא, פרענק איז שוין א צעבראכענע כלי.... אבער אז ער וואלט געווען אפילו א גאנצע כלי, וואלט זיך דען אימיצער געוואלט מיט אים איצטער באנוצען? עטעל, וועלכע פארעט זיך ביי דער קיך, גיט אויף אים א קוק פון דער זייט. זי שלינגט ארונטער אין זיך א קרעכץ, ווי א שלעכטען ביסען, וועלכען ס'איז ניט שיין אויסצור-שפייען פאר מענשען. פון דעם-א ווערט איר ניט בע-סער אויפ'ן הארצען.

פרענק האט שוין ענדלעך אפגעשיילט די קארטא-פעל. מער איז דערווייל אין קיך ניטא וואס צו טאן פאר אים. שפעטער וועט ער צעוואשען דאס געפעס. ער דערלאנגט דעריבער די צייטונג, וואס ליגט אויפ'ן ווייסען עמאלירטען טיש. פון דעם בלאט קאנען זיי זיך ניט אפזאגען. דאס איז זייער איינציגער פארגעניגען — דאס איז דאך זייער איינציגער טרייסט אין די שלעכ-טע צייטען.

פרענק'ס בלייכע הענט, — זיי ציטערען שוין לאנג אונטער אביסעל פון דעם צעפרעסענדיגען בליי-סם — נעמען דאס בלאט פארזיכטיג פאנאנדער, ווי עפעס די יריעות פון א הייליגער ספר-תורה. ער פארבאהאלט באלד פרום זיין פנים אין אט די יריעות. אין שטוב איז שטיל: די קינדער, וועלכע זיינען שוין געקומען פון שול, שפילען זיך איצט אין גאס. דורך די ציכ-טיגע שויבען, — פרענק אליין האט זיי נעכטען אויסגע-פוצט, פאכמעניש און זארגפעלטיג, — האט זיך מיט אמאל א שפאר געטאן א טייכל זון-ליכט. די פענסטער פון דער דירה האבען ארויסגעקוקט מערב-צו. די זון איז אונטערגעגאנגען היינטיגען פארנאכט פונקט אויפ'ן זעלביגען אופן, ווי אלע אנדערע פארנאכטען.

— זע נאר, ווידער האט א באנק געקראכט. — עס דוכט זיך, ווי אט די נייעס וואלט אנגעפילט פרענק'ן מיט גרויסער פרייד: ער לייענט אזש אן אטעם; אן איטאליענישע באנק דאון-טאון. העכער א מיליאן דא-לער אין דעפאזיטס. רואינירט א פופצען טויזענט קליי-נע דעפאזיטארס, אידען און איטאליענער, ארבייטער און פעדלערס.

מען קאן נישט זאגען: אויך עטלען איז אט די נייעס געווען נישט אזוי אומאנגענעם... ס'הייסט: אויב אזוי, אין וואס האט זי זיך איבערצונעמען מיט איר שלעכטען מצב? פופצען טויזענט ארעמע מענשען זיינען פריש רואינירט געווארען... אמת, אויך זיי, פרענק און עטעל, האבען מיט א פאר יאר צוריק פארלוירען אין א געקראכטער באנק א פיינע פאר הונדערט דאלער, וואס וואלטען זיי איצט זייער שטארק צונוץ געקו-מען. און חוץ דעם: ווען וועלען זיי דען ווידער זיין אימשטאנד אפצושפארען א פאר דאלער, א קאפעטשקע זיכערקייט? שוין קיינמאל ניט. פרענק איז דאך שוין א צעבראכענע כלי; די פילע יארען ארבייט האט פון אים אויסגעזויגען כמעט דאס גאנצע מענשלאכע חיות... יא, ס'איז אלץ אמת. אבער ביי זיי איז עס דאך שוין א מעשה פון א פאר יאר; זיי האבען זיך שוין באוויזען צוגעוואוינען צו דעם. און דא זיינען גאנצע פופצען טויזענט מענשען פ ר י ש פאראומגליקט געווארען...

פרענק רוקט איר אונטער דעם טייל פון בלאט, וואו עס איז אפגעדרוקט א בילד פון אן אלטינקער איטא-ליענישער פרוי. א פנים: א געדיכטע נעץ פון בראנ-זיגע קארבען און קנייטשען. די דאזיגע פרוי מיט די אומעטיג-פארטרערטע אויגען האט אין דער געקראכטער באנק פארלוירען אירע שפארעכצען פון א גאנץ לעבען... הם, יא... זיי זיינען ניט די איינציגע.

וועטשערע אבער האט מען פונדעסטוועגן דאך גע-מוזט צוגרייטען — די קינדער וועלען באלד אריניאגען אין שטוב, ווי הונגעריגע וועלפעלעך.

און די וועטשערע איז שוין פארטיג — אזוי ווי זי איז. מער ניט, מער ניט עס האט שטארק אויסגעפעלט אביסעל סמעטענע... ביז מיט א געוויסער צייט צוריק פלעגט מען עטלען צושטעלען צו דער טיר יעדער פרי-מארגען א „האלב-פאינט קרים". ווען זי האט מיט א צייט צוריק דעם קרים אפגעשטעלט, פלעגט זי זיך קליגען — שוין איינמאל א בריה! — אראפנעמען יעדען מאל אביסעל סמעטענע פון דער פאר'חתמ'עטער פאסטערי-זירטער פלאש מילך, „גרעיד בי", וואס דער מילכמאן פלעגט איר נאך צושטעלען אין שטוב. אבער גאר לעצ-טענס האט עטעל אפילו אט די פלאש מילך אויך גע-האט אפגעשטעלט... פון דער לויזער מילך, וואס זי פלעגט איצט קויפען אין גראסערי, האט שוין אפילו די גרעסטע בריה קיין סמעטענע נישט געקאנט ארונטער-קראצען.

און דא האט זי היינט אויף וועטשערע גראד צו-געגרייט א גרינס-זופ! די קינדער לעקען ממש אפ די פינגער פון דעם. אבער — אן א טראפען סמעטענע? עטעל האט פארביסען די ליפען, האט פארזשמורעט די אויגען אין אנגעשטרענגטער טראכטעניש, — עס האט אויסגעקוקט ניט אנדערש, ווי זי וואלט איצט צוגעטראכט א פארטעל, ווי אזוי מען זאל קאנען צאפען סמעטענע גלייך פון דער וואנט.

— אי, אי, אי, זע נאר, — האט זיך ווידער דער-הערט פרענק'ס הייזעריגליכע שטים, — זעסט וועך עס איז באגאנגען זעלבסטמארד? דער בארימטער ענג-לישער אקטיאר סאליווען! געדענקסטו, עטעלע, מיט פינף יאר צוריק זיינען מיר אים געגאנגען זען אויף בראדוויי? ווייניגער ווי פאר פינף דאלער א שטיק האבען מיר דעמאלט קיין בילעטען ניט געקאנט קריגען... איצט, שרייבט די צייטונג, אז די לעצטע עטליכע חדשים איז ער געווען ארבייטסלאז, האט געלעבט בלויז אויף דאבעליו-פי-עי. וואס זאגסטו אויף דעם, עטעלע? ציי-טען, הא? ווילסטו אויך א קוק טאן אויף דעם בילד?

פרענק'ס שטים קלינגט איצט מיט שטאלצקייט, מיט גרויסען אויפטו כמעט. אויב ער, פרענק, קאן שוין איי-ניגע יאר ניט קריגען קיין ארבייט, קאן ער דאך אבער לכל הפחות זיין אויף אזוי פיל שטארק, אויף ניט צו באגיין קיין זעלבסטמארד... זיינע דארע רומאטישע פינגער דערלאנגען דעם ווייב דאס בלאט.

זי קוקט זיך איין אין דעם בילד: אן אויסגעפא-שעט, רייך-געראזירט פנים, ביסטרע באצווינגענדיגע בליקען — א שררה! א מיניסטער! א מענש — פון די הערשער פון דער וועלט! אויב אזעלכע מענשען באגייען שוין צוליב'ן קריזיס זעלבסטמארד — און אין איר וועקט זיך אויף א ווארימקייט צום אויסגעהארעוועטען און אויסגעזויגענעם מאן אירען אנטקעגען, צוזאמען מיט א שרעק, אז אים זאל נאר, חס-ושלום, סוף-כל-סוף, קיין ביין ניט געשען...

— נא, פרענק... — גיסט זי אים אן א גלאז טונ-קעל-גרינלעכע גרינס-זופ, פול ביז'ן אויג, — נעם טרינק עס אויס. האסט עס דאך ליב...

---

ס'קאן אבער פארט פאר'מיאוס'ט ווערען דאס לע-בען, אז מען דארף זיך אויסהיטען מיט'ן אויסגעבען פינף סענט פאר א מעסטעלע זויער-מילך... איז אפשר פארט ארונטערשיקען פרענק'ן אין מילך-געשעפט אריין?

עטעל ווארפט א נישט-צופרידענעם זייטיגען קוק אויפ'ן מאן, וועלכען ער באמערקט אבער נישט. ער איז ווידער שטארק פארטיפט אין די ליילעכער פון בלאט זייער איינציגער לוקסוס, זייער איינציגע טרייסט...

— זע, נאר, זע נאר... — שרייט ער אין א מינוט ארום ווידער אויס, — שוין לאנג שטיל געווען! ווידער

# די אנטשטייאונג פון טרייד יוניאנס און ארבייטער פארטייען אין אמעריקע

פון א. יאזעפסאן

## די סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי (ס. ל. פ.) — דעליאניזם אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג



יר הערען היינט אפטער ווי קאמוניסטען זאגען, אז כדי צו זיין א גוטער קאמוניסט דארף מען זיין אונטערגע־קאוועט מיט לעניניזם. אויף פשוט אידיש מיינט עס, אז א קאמוניסט דארף זיך גרינדליך באקענען מיט לענינ'ס טעאריעס, ווי אזוי לענין טייטשט אויס דעם מארקסיזם, ער דארף אנעמען די אזוי גערופענע לעניניסטישע ריכטונג אין דער סאציאליסטישער באוועגונג. און אום כדי צו פארשטיין די סאציאליסטישע באוועגונג אין אמעריקע, דארף מען, לויט אונזער מיינונג, אויך זיין באקאנט מיט דער דעליאניסטישער ריכטונג אין דער היגער סאציאליסטישער באוועגונג, וואס האט, אין די ניינציגער יארען פון פאריגען יארהונדערט געשפילט א גאר גרויסע ראל אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. דערביי איז כדאי צו דערמאנען, אז דער דעליאניזם האט אין זיך א סך ענליכעס מיט דער היינטיגער באלשעוויסטישער באוועגונג, נישט נאר אין טעארעטישען זין, נאר אויך אין די קאמפס־מעטאדען געגען געגנער.

קודם כל לאמיר זיך באקענען מיט דער פערזענליכקייט פון דעניעל דע ליאן.

דעניעל דע ליאן איז געבוירען געווארען דעם 14טען דעצעמבער, 1852, אויף דעם אינזעל קוראקאה, אין ווענעזועלא. ער האט אין די יונגע יארען שטודירט אין דייטשלאנד. אין די זיבעציגער יארען פון פאריגען יארהונדערט איז ער געקומען אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע און שטודירט געזעץ אין קאלאמביא אוניווערסיטעט. אין 1878 האט ער געוואונען א פרייז אלס אן אויטאריטעט פון אינטערנאציאנאלען געזעץ. אביסעל שפעטער איז ער געווארען געהילף־פראפעסאר אין קאלאמביא אוניווערסיטעט. אין 1886 האט דע ליאן גענומען א שטארקען אנטייל אין דעם וואל־קאמף פון הענרי דזשארדזש, וועלכער איז דעמאלט געלאפען אלס מעיאר פון ניו יארק.

אין 1890 האט דעניעל דע ליאן זיך אנגעשלאסען אין דער דעמאלסדיגער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי און צוויי יאר שפעטער, אין 1892, איז ער געווארען דער רעדאקטאר פון דעם אפיציעלען ארגאן פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי, „דהי פיפל".

גלייך ווי דע לעאן איז געווארען דער פירער פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי, האט ער זיך ארומגערינגעלט מיט א קליינער גרופע פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי און האט אנגעהויבען פירען א קאמף געגען דעם „פיור ענד סימפל טרייד־יוניאניזם" פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר.

אין 1893 האט די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי צוגעשטעלט א באריכט צו דער פארטיי קאנווענשאן, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין דעמזעלבען יאר. אין דעם באריכט ווערט געזאגט: „די מעגליכקייטען, אז דער אמעריקאנער ארבייטער קלאס זאל פארבעסערן זיין לאגע דורך אן עקאנאמישער ארגאניזאציע, איז פאראורטיילט צו א דורכפאל" (זעה „לייבאר ענד פארמער פארטיס" פון נ. פיין, זייט 151).

אין 1894 האט דע ליאנ'ס נאענטער מיטקעמפער, יוגא פאגט, צוגעשטעלט א באריכט צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי, וואו ער האט זיך באמיט צו באווייזען, אז די דעמאלסדיגע וויכטיגע יוניאנס פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר, ווי די ציגאר מאכער יוניאן, די טיפאגראפיקעל יוניאן און די קוילען גרעבער יוניאן, זיינען אויס'ן וועג פון אונטערגאנג. דעריבער איז דע ליאן מיט זיין גרופע אין דער פארטיי געקומען צום באשלוס, אז מען דארף גרינדען נייע רעוואלוציאנערע טרייד־יוניאנס, וואס זאלען זיך שטעלען אלס ציל צו באפרייען דעם אמעריקאנער ארבייטער קלאס פון זיין שקלאפעריי.

אין דעם וואכענבלאט פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי „דהי פיפל" פון 8טען אקטאבער, 1893, האט דע ליאן אנגעשריבען אן ארטיקעל אונטער א קאפ וואס האט זיך געליינט: „ווארפט די געמיינע נפשות ארויס!" אין דעם ארטיקעל האט דעליאן געשריבען: „מען האט אויסגעפונען אז א טייל פון די „פיור ענד סימפעל" טרייד יוניאניסטען זיינען גראבע יונגען און אן אנדער טייל איז קארופטירט. אבער קיינער פון זיי איז נישט פאסיג צו זיין א פירער פון אן ארבעטער־באוועגונג. צו פאראייניגען זיך מיט זיי, אדער פרואווען זיי אנטוויקלען איז אונמעגליך. די סאציאלע רעוואלוציע וועט מוזען מארשירען איבער זייערע קערפערס . . ."

דעניעל דעליאן מיט זיין גרופע האבען זיך איינגעטיילט מיט די ראלען. א טייל פון זיינע נאענטע מיטקעמפער האבען געדארפט פירען דעם קאמף געגען דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר און דעליאן אליין האט געפירט דעם קאמף געגען דער „נייטס אוו לייבאר", פון וועלכער ער איז געווען א מיטגליד.

דעם 24טען דעצעמבער, 1893, האט „דהי פיפל" געשריבען, אז „די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר איז אין בעסטען פאל נישט מער ווי א ווינט־זאק און א שטריק פון זאמד. און אן ארגאניזאציע וואס האט אויסגעקליבען אלס פירער אזעלכע מענשען ווי גאמפערס און דזשאן מעקברייד האט נישט קיין עקזיסטענץ־בארעכטיגונג. עס באווייזט בלויז, אז די ארגאניזאציע איז טויטער ווי א מת".

דער קלימאקס פון דעליאנ'ס קאמף געגען דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר און די נייטס אוו לייבאר איז פארגעקומען אין יאר 1895, ווען דעליאן מיט זיין גרופע זיינען ארויסגעשטופט געווארען פון דער נייטס אוו לייבאר און קיין גרויסען ערפאלג פון „בויערן פון אינעווייניג" אין דער אמעריקען פעדערישאן האט דע ליאנ'ס גרופע אויך נישט געמאכט. דע ליאן האט אנגערופען גאמפערס'ן אן „אומאויפהערליכער שווינדלער און לייבאר פייקער" און גאמפערס, ווידער, האט גערופען דע ליאנ'ס צייטונג „דהי פיפעל": „דער מערדער פון א מענשליכען כאראקטער" און שפעטער האט ער אפילו גערופען דע ליאנען „אן אגענט־פראוואקאטאר".

דעניעל דע ליאן האט אין 1895 דערקלערט, אז ער איז געקומען צום שלוס, אז „בויערן פון אינעווייניג אין די יוניאנס" איז נתבלאז, ווייל די יוניאן־מאשין וועט נים ערלויבען קיינעם צו בויערן ווען די יוניאן־פירער זעהען, אז עס דראעט א געפאר זייער פונדאמענט, זייער סטרוקטור און זייער קאנטראל איבער די מאסען.

דעם 27טען נאוועמבער, 1895, האט דער דיסטריקט אסעמבלי פון דער נייטס אוו לייבאר פון ניו יארק ארויסגעלאזט א רוף צו אלע „נייטס אוו לייבאר אסעמבליס" און צו אלע פראגרעסיווע ארגאניזאציעס צו ארגאניזירען א נאציאנאלע קערפערשאפט, וואס זאל אננעמען דעם קלאסען־קאמף. עס איז באשטימט געווארען א קאמיטעט, וואס זאל זיך טרעפען מיט די עקזעקוטיוו באארדס פון דער סענטראל לייבאר פעדערישאן פון ניו יארק, די פעדערישאן פון ברוקלין, מיט די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען און מיט דער ניו יארקער סענטראל לייבאר פעדערישאן. דעם 13טען דעצעמבער, 1895, איז פארגעקומען א מאסען־פארזאמלונג אין קופער יוניאן וואו עס איז אנגענומען געווארען די פאלגענדע רעזאלוציע: „מיר, די סאציאליסטען פון ניו יארק, פארזאמעלט אויף א מאסען־פארזאמלונג, רופען צו אלע ארבעטער אין די פאראייניגטע שטאטען אנצושליסען זיך אין דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס".

די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס האט זיך געגרינדעט מיט הונדערט יוניאנס, וואס זיינען געווען אנגעשלאסען אין די צענטראלע ארבעטער קערפערשאפטען פון ניו יארק, ברוקלין, נוארק און די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען. אויף דער קאנווענשאן פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס, וואס איז פארגעקומען אין 1897, איז באריכטעט געווארען, אז די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס האט אויסגעשפרייט איר טעטיגקייט צווישען די טעקסטיל ארבעטער פון ניו ענגלאנד, די קוילען גרעבער אין פענסילווייניע, די ציגאר מאכער, מוליערס, שיך ארבעטער, מאשיניסטען און א צאל אנדערע פאכען. גאמפערס האט צוגעגעבען, אז די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף די ארבעטער פון דער איסט סייד פון ניו יארק און די גאנצע איסט סייד איז געווען אין א צורודערטען צושטאנד. און אז די איבעריגע ארבעטער פון ניו יארק זיינען אויך געווען אונטער דער ווירקונג פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט אן אמת'ע געפאר פאר דער גאנצער טרייד יוניאן באוועגונג אין אמעריקע. אבער אפילו די שטארקסטע אנהענגער פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס זאגען, אז אין דעם רעכטען בליהונגס־פעריאד פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס, אין יאר 1898, איז די צאל מיטגלידער פון דער אליענס געווען נישט מער ווי דרייסיג טויזענט.

די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס האט נישט געמאכט קיין סוד, אז זי איז א דואל־ארגאניזאציע צו דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר און אז איר ציל איז צו צושטערען די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר. דער באריכט פון דער עקזעקוטיוו־באארד פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס אין 1897 זאגט בפירוש, אז „די דואל־ארגאניזאציע איז אריינגעדרונגען אפילו אין גאמפערס' היים, אין דער ציגאר־מאכער יוניאן".

די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס איז געווען געבויט אויף א הויכסט צענטראליזירטען שטייגער. די צענטראלע קערפערשאפט האט געהאט דאס פולקאמענע רעכט וועגען דער גאנצער ארבעט פון דער אליענס. סעקציעס פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי און אסאציאציעס וואס גיבען ארויס ארבעטער־צייטונגען האבען זיך געקענט אנשליסען אין דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס.

אבער די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליענס האט פאקטיש געברויכט א שפאלטונג אין די רייען פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי. עס האבען זיך געפונען א גרויסע צאל סאציאליסטען, וואס זיינען געווען טעטיג אין די יוניאנס פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר און האבען נישט געהאלטען פון דע ליאנ'ס טעאריע, אז די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר איז שוין אנגעלעבט און מען דארף איר צושטערען.

די קאנווענשאן פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי, וואס איז אפגעהאלטען געווארען דעם 4טען

---

די גענגסטערס... אי, אי, אי, דערשאסען צוויי קינדער אין מיטען גאס... צוויי פיצינקע קינדערלעך... נעבאך. עופה'לעך נאך! ווילסט א קוק טאן? גיב נאר א קוק, עסעל...

אויפ'ן בילד האט מען געזעהן דייטלעכעס נים געקאנט זען: א פאר פוליסלייט אין פאדערגרונט; צעשוואומענע מענשלעכע פנים'ער — אין הינטערגרונט; א האנט פון א טענעמענט־הויז א דורכגעלעכערטע מיט קוילען. נאר סאמע אינגדערמיטן אויפ'ן בילד, אין א באזונדער רעדל, איז געווען א פארטרעט פון צוויי חנ'־עוודיגע קינדער מיט ווייסע העמדלעך, מיט געקרייזעלטע האר, מיט אזעלכע שטיפערישע שמייכלען, וואס שטראלען ארויס פון ליכטיגע אייגעלעך... ס'איז אוממעגליך עסלען זיך פארצושטעלען, אז איצט זיינען שוין אט די לוסטיג־שטיפערישע אויגען שטייף פארמאכט, אויף אייביג פארמאכט. און די ווייסע העמדלעך!

— א בראך אין מיר ניט געשען! — האט זיך עסעל אנגעכאפט ביים הארצען — זע נאר, פרענק, פארוואס קומען נאך ניט די קינדער עסען? ס'איז דאך שוין זיבען אזייגער. גיי גיך, לויף ארונטער, גיב א קוק...

זי האט זיך אבער ניט דערווארט, ביז דער מאן וועט אליין ארונטערגיין. דורכ'ן פענסטער, איבער'ן שוועלען, ווי א ברענעם טיפען הויף פונ'ם טענעמענט־הויז, האבען זיך באלד דערהערט עסעל'ס געוואלדען און קולות.

— סערע... סע־מי... — האט זי ניט מיט איר קול געשריען איבער'ן הויף אין גאס ארויס, וועלכע מען האט פון פענסטער גלייך ניט געקאנט זען. — גיכער... קומט אהיים... ע־סען.. די מאמע רופט

די פענסטער פון דער דירה ווייערער האבען ארויס־געקוקט מעריב־צו די זון איז אונטערגעגאנגען היינטיגען פארנאכט פונקט אויפ'ן זעלביגען אופן, ווי אלע אנדערע פארנאכטען.

יולי, 1896, אין ניו יארק, האט אנגענומען א רעזאלוציע בנוגע צו דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליינס וואס האט זיך געלייענט ווי פאלגט:

אזוי ווי די אמעריקען פעדערייש‏ן אוו לייבאר און די נייטס אוו לייבאר, אדער וואס איז איבערגעבליבן פון דער לעצטער, איז אריינגעפאלען אין די הענט פון אומערענטליכע און פראסטע פירער;

און אזוי ווי די דאזיגע קערפערשאפטען האבען געשפילט די ראלען פון בופערס (צווישען) קאפיטאליזם און יעדער פרואוו פון די ארבעטער צו באפרייען זיך איז צושמעטערט געווארען אויף שטיקלאך;

און אזוי ווי די טאקטיק פון די דאזיגע ארבעטער־פירער איז אויסגעפרואווט געווארען פון די פראגרעסיווע ארגאניזאציעס און זיי דינען אין א גרויסער מאס פאראנטווארטליך פאר דער מאכט וואס די ארבעטער פירער האבען געקראגען צו באשיצען דעם קאפיטאליזם און פארקויפען די ארבעטער;

און אזוי ווי קיין ארבעטער־ארגאניזאציע קען גאר נישט אויפטאן פאר די ארבעטער אויב זי נעמט נישט אן דעם פרינציפ, אז אן אומאויפהערליכער קאמף קומט פאר צווישען די קאפיטאליסטען און ארבעטער־קלאס, א קאמף וואס קען געשליכטעט ווערען בלויז ווען עס וועט ארונטערגעווארפען ווערען דער קאפיטאליזם און אויפגעשטעלט ווערען א סאציאליסטישע סיסטעם, און

אזוי ווי דער דאזיגער קאמף איז אין גרונד גענומען א פאליטישער, וואס נויטיגט זיך אין א פאראייניגונג פון די פאליטישע און עקאנאמישע כחות פון דעם ארבייטער קלאס, דעריבער ווערט באשלאסען,

אז מיר באגריסען די אנטשטייאונג פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליינס אלס א גיגאנטישער שריט ארונטערצואווארפען דעם יאך פון לוין־שקלאפעריי און דעם רויבער־קלאס פון קאפיטאליסטען. מיר רופען אלע סאציאליסטען פון לאנד אריינצוברענגען דעם רעוואלוציאנערען גייסט פון דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליינס אין אלע ארבעטער ארגאניזאציעס צו קאנסאלידירען און קאנצענטרירען דעם פראלעטאריאט פון אמעריקע אין איין קלאסען־באוואוסטזיניגער ארמיי וואס זאל זיין באוואפענט מיט דער עקאנאמישער ארגאניזאציע און מיט דער שווערד פון דעם וואלקאמף פון דער סאציאליסטישער ארבעטער־פארטיי".

די דאזיגע רעזאלוציע איז אויף דער קאנווענשאן פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי אנגענומען געווארען מיט 71 שטימען געגען 6.

א סך סאציאליסטען, וואס זיינען געווען טעטיג אין דער אמעריקען פעדערייש‏ן אוו לייבאר האבען נישט געגלויבט, אז די סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליינס וועט ווערען די צוקונפטיגע גרויסע טרייד יוניאן קערפערשאפט פון די אמעריקאנער ארבעטער. זיי האבען געגלויבט, אז די דאזיגע רעזאלוציע וואס זאגט בפירוש, אז "די סאציאליסטען זאלען אריינטראגען דעם רעוואלוציאנערען גייסט אין אנדערע ארגאניזאציעס", גיט זיי א מעגליכקייט ווייטער צו זיין טעטיג אין דער אמעריקען פעדערייש‏ן אוו לייבאר, אבער זיי האבען זעהר גיך אויסגעפונען, אז זיי האבען געמאכט א טעות ווייל דע ליאן האט דערקלערט, אז יעדער איינער וואס וואגט צו קריטיקירען די לייבאר אליינס, אדער שליסט זיך ניט אן אין דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליינס מאכט קאמפראמיסען מיט'ן סאציאליזם און טרעט ארויס געגען דעם באשלוס פון דער סאציאליסטישער פארטיי קאנווענשאן.

די ערשטע וואס האבען רעוואלטירט געגען דע ליאנ'ס אויסטייטשונגען און קאמפען געגען די יוניאן־פירער זיינען געווען די דייטשע סאציאליסטען מיט זייער טעגליכער „פאלקס־צייטונג". אויך די אידישע טעגליכע סאציאליסטישע צייטונג „אבענטבלאט" האט נאך אין 1896 גענומען זיך בתקיפות געגען דע־ליאנ'ס שמוץ ווארפעריי אויף די יוניאן־פירער.

אין 1897 האבען א היפשע צאל אידישע סאציאליסטען רעוואלטירט געגען דע ליאנ'ען און געגרינדעט דעם „פאראווערטס".

אין 1899 האבען זיך גאנצע גרופעס און סעקציעס פון דער סאציאליסטישער ארבעטער־פארטיי גענומען אפשפאלטען פון דער פארטיי. באשולדיגונגען זיינען געפלויגען פון איין צד אויף דעם אנדערען. די ווידלער־רייען און אומצופרידי פון די פירענדע סאציאליסטען איז געגאנגען אזוי ווייט, אז יוגא פאכט און לוסיען סעניעל, די צוויי געטרייסטע מיטקעמפער פון דע ליאנען, זיינען פון דע ליאנען אליין אויסגעשלאסען געווארען פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי.

די מיטגלידערשאפט פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי האט נישט דערגרייכט מער ווי זעקס טויזענט. אין יאר 1898, א יאר בעפאר עס איז פארגעקומען די שפאלטונג אין דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי, האט די פארטיי געהאט דריי הונדערט און פערציג סעקציעס, וואס האבען זיך געפונען אין 26 שטאטען. די העכסטע צאל שטימען וואס די סאציאליסטישע ארבעטער פארטיי האט געקראגען פאר אירע קאנדידאטען איז געווען 82,204 שטימען אין יאר 1898.

נאך דער שפאלטונג וואס איז פארגעקומען אין דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי אין 1899, האט זיך די פארטיי מער זיך אפגעשלאסען פון דער ארומיגער ארבעטער באוועגונג און זיך פארפאנצערט מיט פרינציפען.

אויף ווי ווייט די סאציאליסטישע ארבעטער פארטיי איז געווארען וואס ווייטער אלץ מער פאנאטיש פרום באווייזט דער פאלגענדער פאקט.

אין 1900 האט די סאציאליסטישע ארבעטער פארטיי אפגעהאלטען א קאנווענשאן וואו עס איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע בנוגע דער אמעריקאנער טרייד יוניאן באוועגונג:

„אויב א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי וועט אננעמען אן אמט אין א פיור ענד סימפעל טרייד יוניאן (דאס מיינט פון דער אמעריקען פעדערייש‏ן אוו לייבאר—א. י.), זאל ער פארעכענט ווערען אלס געגנער פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי און זאל ווערען אויסגעשלאסען פון דער פארטיי. און אויב א באאמטער פון א פיור ענד סימפל טרייד יוניאן וועט זיך פארשלאגען אלס מיטגליד אין דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי זאל ער צוריקגעוויזען ווערען".

דערביי איז כדאי צו דערמאנען, אז אלע היסטאריקער פון דער אמעריקאנער ארבעטער באוועגונג, ווי אויך די גרעסטע שונאים פון דעניעל דע ליאן, גיבען צו, אז דע ליאן איז געווען א זעהר באגאבטער מענש, א העכסט טאלאנטפולער מענש, וואס האט געקענט גרינטליך עטליכע שפראכען און איז געווען א הויך געלערנטער נישט נאר אין מארקסיזם, נאר אויך אין אנדערע וויסענשאפטען. ער האט פארמאגט א ברייטע ערודיציע און א בריליאנטענע פעדער. ספעציעל האט ער זיך אויסגעצייכענט אלס א גרויסארטיגער פאלעמיקער. עס איז אויך קיין צווייפעל ניט, אז ער איז נישט געווען קיין נאר און האט נישט געזוכט פון דער ארבעטער באוועגונג קיין מאטעריעלע נוצען פאר זיך, נאר איז געווען טריי און איבערגעגעבען מיט'ן גאנצען הארצען דעם סאציאליסטישען אידעאל.

א טייל היסטאריקער ווילען דערקלערען דע ליאנ'ס פאנאטיזם און עקשנות מיט פסיכאלאגישע מאטיוון, באשר בכן, דע ליאן איז אין די יונגע יארען געקריוודעט געווארען אין זיינע פערזענליכע אמביציעס און דאס האט אים געטריבען צו עקשנות. אנדערע, ווידער, זאגען, אז דע ליאן האט נישט גענוג און גוט אפגעשאצט די אמעריקאנער באדינגונגען. דער אמת'ער אמת איז, אז די סיבות פון דע ליאנ'ס טעטיגקייט אין דער אמעריקאנער ארבעטער באוועגונג איז נאך נישט גענוג אויסגעפארשט געווארען.

# עקאנאמישע פראבלעמען אין די ניי־ענגלאנד שטאטען

## פון וויליאם ראס

דיסטריקט מענעדזשער פון סאוטהערן מאסאטשוזעטס און ראוד איילענד.



עזידענט רחוועלט האט באצייכענט די סאוט אלס די „פראבלעם נומער איינס" אין אמעריקע. נאך די סאוט, שיינט מיר, איז די ניו־ענגלאנד שטאטען, די שווערסטע עקאנאמישע פראבלעם ביי אונז אין לאנד.

די וויכטיגסטע אינדוסטריע אין די ניו־ענגלאנד שטאטען איז שווער געטראפען געווארען פיל פריער ווי דאס גאנצע לאנד דורך דעם קריזיס פון 1929. די טעקסטיל אינדוסטריע איז געגאנגען כסדר בארג אראפ זינט דעם קריזיס פון 1921. פיל מילען האבען זיך אויפגעגעבען צוליב דער קאנקורענץ פון דער סאוט אדער פון אויסלאנד. אנדערע האבען זיך אריבערגעצויגען נאך דער סאוט און אפילו נאך זיד־אמעריקע.

א גרויסע צאל שטעט און שטעטלאך אין ניו־ענגלאנד האבען זיך קאנצענטרירט ארום דער טעקסטיל אינדוסטריע. ווען די פאבריקען האבען זיך געשלאסען, זיינען זיי געבליבען אן ארבייט. די אייגענטימער פון די טעקסטיל מילען האבען פריער אויפגעפאסט אז קיין אנדער אינדוסטריע זאל זיך ניט אנטוויקלען אין די שטעט. זיי האבען ניט געוואלט האבען אונטערנעמונגען וואס וועלען קאנקורירען מיט זיי פאר ארבייטס־הענט. דעריבער איז ווען א פאבריק האט זיך פארמאכט, איז די ארבייטער באפעלקערונג געבליבען אן באשעפטיגונג און די שטאט אלס גאנצע איז געבליבען ווי אויס'ן וואסער.

אין אנהויב האט מען גערעכענט אז דאס איז בלויז א צייטווייליגע ערשיינונג. אז אין גיכען וועלען די טעקסטיל מילען זיך צוריק עפענען. ווען עס זיינען אבער פאראיבער עטליכע יאר און עס איז קלאר געווארען אז די אינדוסטריע וועט קיינמאל מער ניט דערגרייכען איר פריערדיגע שטופע, האבען די שטעט אין ניו־ענגלאנד זיך גענומען זוכען אנדערע אינדוסטריען וואס זאלען פארנעמען דעם פלאץ. זיי האבען זיך גענומען ענערגיש אריינצוקריגען פאבריקען דורך אלערליי הנחות. מען האט באפרייט פון צאלען טעקסעס פאר א צאל יארען; עס איז איינגעשטעלט געווארען א סיסטעם פון אויסלערנען ארבייטער די מלאכה; מען האט געצאלט פאבריקאנטען די הוצאות פאר אריבערפירען די פאבריקען; מען האט איינגעארדענט געביידעס פאר שפעטער מיט אלע באקוועמליכקייטען; שטאטישע איינוואוינער האבען געקויפט שערס און געהאלפען פינאנסירען די נייע אונטערנעמונגען.

א טיפישער פאל אזא איז די אראנדזשמענטס וואס איז געמאכט געווארען מיט א פירמע וואס האט זיך אריינגעצויגען אין א שטאט אין מאסאטשוזעטס אין דער צייט וואס געגען איר איז אנגעגאנגען א סטרייק אין ניו יארק. דער דארטיגער טשעמבערס אוו קאמערס און די שטאט אדמיניסטראציע האבען דער פירמע פארשפראכען 40,000 דאלאר אויף אריבערצוברענגען די פאבריק צו זייער שטאט. א צווייטע שטאט האט פארשפראכען א מאנופעקטשורער 100,000 דאלאר פאר איינשטעלען א שאפ אין זייער שטאט. א גרויסער טייל פון די געלט איז געגאנגען אלס קאמישאן פאר דעם פארטרעטער פון דער קאמפאני פאר באוועגען די פירמע אריבערצופירען איר פאבריק אהין.

טראץ די אלע אנשטרענגונגען איז דער ערפאלג ניט איבעריגס גרויס. ערשטענס, דערפאר וואס די מערסטע פאבריקען וואס מען ברייגט שוין יא אריין זיינען פון די אינדוסטריען וואס צאלען נידעריגע שכירות. און אפילו פון די קומען ניט אריין פיל. דער מאסאטשוזעטס דעפארטמענט אוו לייבאר און אינדוסטרי האט ניט לאנג צוריק פארעפענטליכט ציפערן וואס באווייזען, אז דער סטייט האט אפילו ניט געקענט צוריקקומען צו דער שטופע אויף וועלכער ער איז געשטאנען מיט א פאר יאר צוריק. די צאל ארבייטער אין סטייט, צום ביישפיל, איז אין די צען יאר, פון 1927 ביז 1937 פארקלענערט געווארען פון 578,068 אויף 498,602. דער ווערט פון די פראדוקטען וואס איז אין סטייט אויסגעארבייט געווארען אין יאר, איז דורך די זעלבע צען יאר פארקלענערט געווארען מיט קארגע 695 מיליאן דאלאר.

באטראכטענדיג די ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין די וויכטיגסטע אינדוסטריען אין מאסאטשוזעטס, איז עס אינטערעסאנט צו באמערקען, אז די איינציגע אינדוסטריע וואס האט געמאכט באדייטענדען פארשריט דורך די יארען, איז געווען די קליידער אינדוסטרי. אין 1927 זיינען אין דער קליידער אינדוסטרי אין מאסאטשוזעטס באשעפטיגט געווארען 13,163. אין 1937 איז שוין זייער צאל געווען 20,128. עס ווערט געשאצט, אז זינט דער צענזוס איז געמאכט געווארען איז די צאל ארבייטער אין דער קליידער אינדוסטריע ווידער געשטיגען מיט צען פראצענט. וואס פאר א סארט בעלי בתים עס ברייגנען זייערע שעפער אין דעם סטייט קען מען זען, ווען מען פארגלייכט די פארדינסטען פון די ארבייטער

# די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג אין 1939 »«

(איבערזיכט)
פון ש. פ.



ויפ'ן שלאַכט פעלד זיינען נישטאָ קיין ימים טובים. אַלע טעג זיינען גלייך. יעדער חודש אין יאָר איז ווי דער אַנדער חודש. טראַדיציע שפּילט דאָ קיין ראָליע ניט. מען רעכנט זיך בלויז מיט סטראַטעגישע און קלימאַטישע באַדינגונגען.

האָט אין לייבאָר טרייד יוניאָן וועלט, אַן אָרגאַניזאַציע פון אַרבייטער וואָס געפינט זיך שטענדיג אין קאַמף פאַר אויפהאַלטען און פאַרבעסערן די לעבענס באַדינגונגען פון די מיטגלידער, אויך אַזוי געדאַרפט זיין. עס איז אָבער ניט אַזוי. מיר פאָלגען נאָך פילע טראַדיציעס, האַלטען געוויסע אַלגעמיינע ימים טובים. עס איז דעריבער אַ מנהג אַזאַ צום נייעם יאָר זיך אָפּצושטעלען און אַ בליק טאָן צוריק אויף דעם אָפּגעגאַנגענעם וועג און אונטערציען אַ סך הכל פון דעם וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרען דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. און אַ מנהג ברעכט אַ דין.

וועלען מיר דעריבער אין דעם ניי־יאָר נומער „גערעכטיגקייט” פאַרבייטען דעם געוויינליכען איבערזיכט פון געשעענישען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג וואָס מיר גיבען יעדען מאָנאַט, אויף אַן איבערזיכט פון די געשעענישען דורכ'ן פאַרגאַנגענעם יאָר און די באַדייטונג פון זיי פאַר דעם ווייטערדיגען קאַמף.

### די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבייטער דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר

די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך דורך דעם יאָר באַדייטענד פאַרבעסערט. די פּראָדוקציע איז שטאַרק געשטיגען, ניט בלויז אין פאַרגלייך מיט דעם פאַריגען יאָר, נאָר האָט אין די לעצטע צוויי מאָנאַטען כמעט דערגרייכט די שטופע פון דעם בעסטען פּראָספּעריטי יאָר אין אַמעריקע, 1929. דער איינקונפט פון לאַנד ווערט געשאַצט, ווען דאָס יאָר איבערשטייגען 1938 מיט איניגע ביליאָן דאָלאַר. די אַרבעטער האָבען אָבער ווייט ניט געקראָגען די פּראָפּאָרציאָנעלע העכערונג פון זייער איינקונפט.

לויט די באַריכטען פון דעם יונייטעד סטייטס דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר, איז די סומע וואָס איז אויסגעצאָלט געוואָרען צו די אינדוסטריעלע אַרבייטער דורך די ערשטע ניין מאָנאַטען פון הייטיגס יאָר געשטיגען מיט אומגעפער צען פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט 1938. דער אינדעקס פאַר דעם יאָר 1938 איז געשטאַנען אויף 77.9 פּראָצענט פון דער דורכשניטס סומע אין די יאָרען 1923—1925, און אין די ערשטע ניין מאָנאַטען פון 1939 איז עס געשטאַנען אויף 88 פּראָצענט. ווען מען נעמט נאָך אין אָנבאַטראַכט אַז די דורכשניטליכע צאָל אַרבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט געווען דורך דעם יאָר, איז געוועזן מיט איבער ניין פּראָצענט העכער ווי אין 1938 און אַז דאָס יאָר איז אויך געווען אין קראַפט דער שטונדען־שכירות געזעץ וואָס האָט אַביסעל געהעכערט די שכירות פון די צום ערגסטען באַצאָלטע אַרבייטער אין לאַנד, ווערט קלאָר, אַז די אַרבייטער האָבען גאַנץ ווייניג גענאָסען פון דער ניי געשאַפענער פּראָספּעריטי.

אויך אין דער פראַגע פון מער באַשעפטיגונג האָבען די אַרבייטער גאָר ווייניג גענאָסען. אמת, די דורכשניטליכע צאָל אַרבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט געווען אין לאַנד איז דאָס יאָר געשטיגען מיט איבער 9 פּראָצענט. דאָס מיינט אַז אַ פּאָר מיליאָן מער אַרבייטער זיינען באַשעפטיגט געוואָרען דאָס יאָר. עס זיינען נאָך אָבער אין לאַנד אַלץ געבליבען איבער אַכט מיליאָן אַרבייטסלאָזע וועלכע זיינען אָנגעוויזען אויף די מאָגערע פאַרדינסטען פון משפחה צו דערהאַלטען זיך ביים לעבען ספּעציעל ווען די סומען געלט וואָס די רעגירונג האָט אויסגעגעבען אויף רעליף און אַרבייט אויף רעגירונגס אונטערנעמונגען איז דאָס יאָר שטאַרק געשניטען און אַרומגעצאַמט געוואָרען. וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר דעם לעבענס סטאַנדאַרד פון די מאַסען קען מען זיך פאָרשטעלען.

### סטרייקס דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר

די צאָל סטרייקס הייטיגס יאָר איז געווען גרעסער ווי לעצטען יאָר. אַזוי אויך די צאָל אַרבייטער וואָס זיינען פאַרוויקעלט געווען אין די סטרייקס און די צאָל אַרבייטס טעג וואָס זיינען דורך די סטרייקס פאַרלאָרען געגאַנגען. אין 1938 זיינען פאַרגעקומען 2772 סטרייקס אין וועלכע עס זיינען פאַרוויקעלט געווען 688,000 אַרבייטער. דורך די סטרייקס איז פאַרלאָרען געגאַנגען 9,148,000 אַרבייטס־טעג. פאַר 1939 האָבען מיר נאָך ניט די ציפערען פאַר'ן גאַנצען יאָר. פאַר די ערשטע 8 מאָנאַטען אָבער פון יאָר וואָס מיר האָבען ציפערען פון יונייטעד סטייטס דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר, זיינען פאַרגעקומען 1773 סטרייקס אין וועלכע עס זיינען פאַרוויקעלט געווען 1,510,861 אַרבייטער וועלכע האָבען פאַרלאָרען 12,933,822 טעג אַרבייט. כאָטש די מערסטע סטרייקס קומען פאָר אין די ערשטע מאָנאַטען פון יאָר און דורך די זומער מאָנאַטען פאַר וועלכע מיר האָבען די ציפערען, איז עס אָבער זיכער אַז אויך אין די לעצטע 4 מאָנאַטען זיינען פאַרגעקומען אַ באַדייטענדע צאָל גרויסע סטרייקס דאָס יאָר, ווי דער קרייזלער סטרייק, צום ביישפּיל, און ענליכע, און ווען מען זאָל זיי צורעכענען, וועלען מיר האָבען דאָס יאָר אַ פיל גרעסערע צאָל סטרייקס. וואָס אַנבאַלאַנגט דער צאָל אַרבייטער וואָס זיינען פאַרוויקעלט געווען אין זיי און די פאַרלוסטען אין אַרבייטס טעג, זיינען בלויז אין די ערשטע אַכט מאָנאַטען, ווי אָנגעוויזען, געווען פיל גרעסער ווי אין דעם גאַנצען פאַריגען יאָר.

אונטער נאָרמאַלע אומשטענדען, וואָלט אַזאַ פאַרגרעסערונג פון דער צאָל סטרייקס געוויזען אַז די אַרבייטער האָבען זיך שטאַרקער געוועהרט און געקעמפט פאַר זייער חלק אין דער פאַרבעסערטער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד. אין די הייַיאָריגע סטרייקס זיינען אָבער געווען מאַנכע פון די גאָר גרויסע סטרייקס, וואָס האָבען פאַרוויקעלט אַרום אַ העלפט פון דער גאַנצער צאָל סטרייקער, וואָס זיינען ניט גערופען געוואָרען צוליב דירעקטע עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען. אין די סטרייקס איז, צום ביישפּיל, אַריינגערעכענט געוואָרען דער סטרייק פון די ווייכע קוילען מיינער איבער'ן גאַנצען לאַנד אין וועלכען עס זיינען פאַרוויקעלט געווען 40,000 אַרבייטער און וועלכער האָט געדויערט זעקס וואָכען. דער הויפּט שטרייט פּונקט אין סטרייק איז געווען די פראַגע פון יוניאָן שאָפּ און די אמת'ע אורזאַך פון דעם איז געווען דער ברודער־קאַמף אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג. די יונייטעד מיין וואָרקערס האָט זיך געזוכט צו באַוואָרענען געגען דעם פאַרזוך פון די פּראָגרעסיוו מיין וואָרקערס זיך אַריינצורייסען אין זייער טעריטאָריע. אַ צווייטער סטרייק אַזאַ וואָס האָט פאַרוויקעלט טויזענטער אַרבייטער איז געווען דער סטרייק פון די בוי־אַרבייטער אויף די וו. פּ. א. פּראָיעקטען, נאָכדעם ווי עס איז אָנגענומען געוואָרען דער וואָודראָם אַמענדמענט וואָס האָט אָפּגעשאַפט יוניאָן שכירות אויף די פּראָיעקטען. דער סטרייק איז פאַרלאָרען געגאַנגען און דאָס קען איבערהויפּט ניט צוגערעכענט ווערען צו די געוויינליכע עקאָנאָמישע סטרייקס פון די אַרבייטער. אָרונטער רעכענענדיג אָט די סאָרטען סטרייקס, איז די צאָל סטרייקס לעצטען יאָר וואָרשיינליך ניט געווען גרעסער ווי אין 1938. אַזוי ווי די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד איז דאָס יאָר געווען באַדייטענד בעסער וואָס עס ברענגט געוויינליך מער סטרייקס, מיינט עס אַז די צאָל סטרייקס איז דאָס יאָר געווען פאַרהעלטניסמעסיג קלענער ווי לעצטען יאָר.

די וויכטיגסטע סטרייקס דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר זיינען געווען:

דער סטרייק פון די ווייכע קוילען מיינער וועלכען מיר האָבען שוין דערמאָנט און וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט אַ פולשטענדיגען זיג פון דער יוניאָן. דורך דעם סטרייק איז דער מיינערס יוניאָן געלונגען צו קריגען אַן אַגרימענט אויך אין די מיינס פון דער „בלוטיגער האַרלאַן” אין קענטאַקי וואו די יוניאָן האָט יאָרען לאַנג ניט געקענט קריגען קיין אַגרימענט.

דער סטרייק פון די בוי אַרבייטער אין וו. פּ. א. אונטערנעמונגען. דער סטרייק האָט אָפּגעשטעלט די אַרבייט אויף אַ צאָל גרויסע פּראָיעקטען וואָס די פעדעראַלע רעגירונג, בשותפות מיט שטאָט און סטייט רעגירונגען האָבען אונטערגענומען כדי צו שאַפען באַשעפטיגונג פאַר אַרבייטסלאָזע. די וויכטיגקייט פון דעם סטרייק איז ניט אַזוי פיל צוליב דער צאָל אַרבייטער וואָס זיינען פאַרוויקעלט געווען, ווי אין דעם וואָס די יוניאָנס האָבען דאָ געקעמפט פאַר'ן פּרינציפּ פון יוניאָן שכירות אפילו אויף רעליף פּראָיעקטען. ליידער איז, ווי געזאָגט, דער סטרייק פאַרלאָרען געגאַנגען.

אין דער אויטאָמאָביל אינדוסטריע זיינען דאָס יאָר פאַרגעקומען דריי גרויסע סטרייקס אַ חוץ אַ צאָל קלענערע סטרייקס און די יוניאָן איז אין די אַלע פעלען אַרויסגעקומען זיגרייך. די דריי גרויסע סטרייקס זיינען געווען געגען דער בריגס באָדי קאָמפּאַני אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט 70 טויזענט אַרבייטער און האָט געדויערט צוויי וואָכען; דער דזשענעראַל מאָטאָרס

---

אין די צווי פעריאָדן. אין דער צייט וואָס די צאָל אַרבייטער אין דער קליידער אינדוסטריע איז דורך די עלף יאָר געשטיגען אין מאַסאַטשוזעטס אויף 50 פּראָצענט, האָבען זיך די אַקטועלע שכירות, וואָס עס ווערט אויסגעצאָלט די אַרבייטער, פאַרגרעסערט בלויז אויף 14 פּראָצענט. דאָס הייסט פאַקטיש, אַז די דורכשניט פאַרדינסטען פון די קליידער אַרבייטער איז געפאַלען אויף אומגעפער 25 פּראָצענט.

ביים איינאָרדנען זיך אין מאַסאַטשוזעטס, גיבען די בעלי בתים פאָרצוג די קלענערע שטעט איבער באָסטאָן. אין 1927 האָבען 75 פּראָצענט פון אַלע קליידער אַרבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט געווען אין סטייט געאַרבייט אין באָסטאָן. הייַנט צו טאָג זיינען אין באָסטאָן פאַראַן ווייניגער ווי 50 פּראָצענט פון די קליידער אַרבייטער. אין באָסטאָן איז די צאָל קליידער־אַרבייטער געבליבען אומגעפער די זעלבע ווי געווען. דער צואוואוקס איז כמעט איינגאַנצען אין די קלענערע שטעט אין מאַסאַטשוזעטס.

דעם גרעסטען צואוואוקס אין דער צאָל קליידער אַרבייטער דורך די יאָרען האָט געוואוקס פאַל ריווער. אין 1927 זיינען אין די דריי אָרגאַניזירטע שעפּער וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין שטאָט, באַשעפטיגט געוואָרען אַ גאָר קליינע צאָל אַרבייטער. איצט געפינען זיך אין פאָל ריווער איבער 5,000 קליידער אַרבייטער. צווישען די אורזאַכען פאַר וואָס בעלי בתים איז אַזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען די שטאָט, איז דאָס וואָס דאָ איז ניט בלויז פאַראַן אַ גרעסערער רעזערוו פון אַרבייטער, נאָר די שכירות זיינען דאָ פיל נידעריגער ווי אין אַנדערע שטעט פון סטייט. אין 1938 האָבען די דורכשניט־שכירות פון אַלע אַרבייטער אין שטאָט אין אַלע טריידס אָנגעטראָפען בלויז פערצען אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך.

די אורזאַך פון די נידעריגע שכירות איז דער כסדר'דיגער איינשרינקען פון באַשעפטיגונג אין דער טעקסטיל אינדוסטריע. שוין אין 1927 האָט פאָל ריווער געליטען פון דעם קריזיס אין דער טעקסטיל אינדוסטריע. דאָך זיינען נאָך דעמאָלט געווען אין שטאָט באַשעפטיגט 31,849 אַרבייטער, איבער אַכציג פּראָצענט פון זיי אין טעקסטיל מילען. אין 1938 זיינען שוין אין שטאָט געווען בלויז 20,000 אַרבייטער און מער ווי העלפט פון די טעקסטיל אַרבייטער אין שטאָט זיינען אַרבייטסלאָז. אַ צאָל טעקסטיל אַרבייטער זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין דער קליידער אינדוסטריע. אָבער דאָס זיינען מערסטענס די יונגע מיידלאַך. די יונגע לייט און די עלטערע מענשען קענען קיין אַרבייט אין די שעפּער ניט געפינען.

די פּאָליטישענס און געשעפטסלייט אין די שטעט אין מאַסאַטשוזעטס האָפען נאָך אַלץ אויפצולעבען די אינדוסטריעלע טעטיקייט אין זייערע שטעט אויפ'ן חשבון פון אַנדערע געגענדען אין לאַנד. די ערפאַרונג פון די לעצטע עטליכע יאָר ווייזט אָבער אַז אַלץ וואָס עס געלינגט זיי איז צוצוציהען דעם אָפּפאַל פון דער אינדוסטריע, וועלכע זוכט צו באַפרייען זיך פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט צו צאָלען אַ לעבענס־לוין צו די אַרבייטער. די פירער גלויבען אויך אַז ווען זיי זאָלען נאָר קענען פטור ווערען פון רוזוועלט פון זיין „ניו דיל”, וועלען די באַדינגונגען זיך פאַרבעסערן פון זיך אַליין. זיי האָבען נאָך אַלץ ניט געלערנט, אַז די חלאַת'ען פון זייער וויכטיגסטער אינדוסטריע — טעקסטילס, זיינען אַ רעזולטאַט פון וועלט־באַדינגונגען, אַזוי גוט ווי פון די שוועריגקייטען פון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמי און פאַרבעסערונגען קענען בלויז קומען ווען די אַלגעמיינע לאַגע וועט פאַרבעסערט ווערען.

סטרייק פון 24 טויזענט אַרבייטער וועלכער האָט געדויערט קאַרגע פינף וואָכען און דער קרייזלער לאָקאַוט און סטרייק אין וועלכען עס זיינען דירעקט געווען פאַרוויקעלט 55 טויזענט אַרבייטער און האָט אומדירעקט אָנגערירט מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל.

וויכטיגע סטרייקס דאָס יאָר זיינען פאָרגעקומען אין דער טראַנספּאָרט אינדוסטריע, מערסטעס פון טימסטערס און שאָפיערס; אין דער האָטעל באַדינונג אין וואַשינגטאָן און ניו יאָרק; פון מאַרין אַרבייטער און לאָנג שאָרמען ביים פּאַסיפיק און אין די אַטלאַנטישע האַפענס. דער סטרייק פון די ווערהויז מען אין סאַן פראַנציסקאָ האָט פּאַראַליזירט יענעם פּאָרט פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט און גייט נאָך איצט אָן.

ביטערע סטרייקס האָט דאָס יאָר אָנגעפירט די ניוס פּייפּער גילד, די יוניאָן פון צייטונג שרייבער. דער פאַרביטערסטער סטרייק איז געווען געגען די הוירסט צייטונג פון שיקאַגאָ וועלכער דויערט שוין איבער אַ יאָר. אַ פאַרביטערטען סטרייק האָט די יוניאָן אויך אָנגעפירט געגען די „ברוקלין איגעל" און אַ גענעראַל סטרייק געגען אַלע דריי צייטונגען אין ווילקעסבאַר, פּענסילווייניע.

די טעקסטיל וואָרקערס יוניאָן, סי. אַי. אָ., האָט דאָס יאָר דורכגעמאַכט אַ לאָקאַוט פון דער סעלעניז קאָרפּאָריישאָן אין קומבערלאַנד און האָט געמוזט צושטימען צו אַ שניט פון צען פּראָצענט אויף די שכירות. אַ פאַרביטערטען סטרייק אין אַ וואָל־אויסאַרבייטונג פאַבריק וועלכער האָט געדויערט אַכט וואָכען האָט די יוניאָן געוואונען.

## דער וואוקס פון די יוניאָנס דורך דעם יאָר

אַ סך שוועריגקייטען און שטערונגען זיינען געווען דאָס יאָר פאַר דעם וואוקס פון די יוניאָנס און זייער אויסשפּרייטונג אין ניט אָרגאַניזירטע אונטערנעמונגען. דער ווידערשטאַנד פון די בעלי בתים איז געוואָרען שטאַרקער וואָס מער די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. די באַציהונגען פון די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען, די געריכטען און די עפענטליכע מיינונג וועלכע שפּילט אַ וויכטיגע ראָליע אין אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, זיינען דאָס יאָר געווען ווייניגער פריינטליך צו די יוניאָנס. שולדיג אין דעם איז טיילווייז די שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע וואָס אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַל האָט אָנגעפירט דורך דער פּרעס, ראַדיאָ און אַלע אַנדערע מיטלען וואָס זיי האָבען צו זייער דינסט. און טיילווייז אויך איבער דעם געיעג פון די פּאָליטישאַנס צו קריגען די שטיצע פון די אינדוסטריע קאַפּיטאַנען אין דעם קומענדען נאַציאָנאַלען קאַמפּיין. אַן אומגעהויערע שטערונג איז אויך געווען דער ברודער־קאַמף אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג צווישען דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און דער סי. אַי. אָ. מער ענערגיע איז פאַרשווענדעט געוואָרען צו באַקעמפען איינע די אַנדערע, ווי אין אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער. עס איז איבעריג אָנצואווייזען אַז די גרויסע צאָל אַרבייטסלאָזע איז אויך אַ גרויסע שטערונג ביים אַריבערגעווינען נייע רעקרוטען פאַר דער טרייד יוניאָן באַוועגונג. ערשטענס האָבען אַרבייטער מער מורא פאַר זייערע דזשאָבס ווען עס זיינען דאָ אַ סך אַרבייטסלאָזע און צווייטענס איז אין אַזאַ צייט די נויט גרעסער.

אָבער טראָץ די אַלע שוועריגקייטען, איז די צאָל מיטגלידער אין די יוניאָנס דאָס יאָר באַדייטענד פאַרגרעסערט געוואָרען. לויט דעם באַריכט פון עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער אַ. פ. אָוו ל. צו דער קאָנווענשאָן, האָבען די יוניאָנס וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אין דער פעדעריישאָן צוגעוואונען נייע 383,276 מיטגלידער און די פעדעריישאָן האָט דערגרייכט די צאָל פון איבער פיר מיליאָן מיטגלידער. דער באַריכט איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין סעפּטעמבער און אורטיילענדיג פון דער טעטיגקייט פון די יוניאָנס אין די לעצטע פיר מאָנאַטען פון יאָר, איז די צאָל מיטגלידער נאָך וואַרשיינליך ווייטער געשטיגען.

די סי. אַי. אָ. האָט קיין ציפערען פון איר צוּוואוקס ניט פאַרעפענטליכט. ווייסענדיג אָבער אַז די מערסטע און גרעסטע יוניאָנס וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אין דער סי. אַי. אָ. זיינען אין דער שווערער אינדוסטריע און די אינדוסטריען האָבען דעם יאָר שטאַרק פאַרגרעסערט זייער טעטיגקייט און אַריינגענומען פיל מער אַרבייטער, מעג מען זיכער אָננעמען אַז די צאָל מיטגלידער אין די יוניאָנס איז אויך באַדייטענד פאַרגרעסערט געוואָרען.

פאַרגרעסערט געוואָרען איז וואַרשיינליך אויך די צאָל מיטגלידער אין די אומאָפּהענגיגע יוניאָנס, ווי די אייזענבאַן בראָדערהודס און עטליכע קלענערע יוניאָנס. די אייזענבאַנען האָבען שטאַרק פאַרגרעסערט זייער טעטיגקייט דורכ'ן יאָר. די צאָל קאַרס וואָס זיינען געלאָדען געוואָרען איז שטאַרק אויסגעוואַקסען. די יוניאָנס האָבען אין דעם פאַך פולשטענדיגען קאָנטראָל און כאָטש דער גרעסטער טייל פון צוּוואוקס איז וואַרשיינליך געווען פון אַרבייטסלאָזע מיטגלידער אין די יוניאָנס, איז אָבער זיכער אויך צוגעקומען אַ צאָל נייע מיטגלידער.

קיין עקזאַקטע ציפערען ווי פיל אַרבייטער אין אַמעריקע עס באַלאַנגען צו יוניאָנס, האָבען מיר ניט. פון די אָנגעגעבענע ציפערען קענען מיר זיך אָבער משער זיין אַז די צאָל שטייגט היינט צו טאָג איבער 8 מיליאָן. דאָס איז די גרעסטע צאָל יוניאָן מיטגלידער וואָס אַמעריקע האָט ווען געהאַט. דאָס איז נאָך אמת ווייט ניט צופרידענשטעלענד. עס טרעפט בלויז אַן אַרום צוואַנציג פּראָצענט פון די לוין־אַרבייטער אין לאַנד אָדער איינער פון יעדע פינף, דאָך איז עס אַ גרויסער פאָרשריט אין פאַרגלייך מיט בלויז פינף יאָר צוריק. און ווען ניט דער ברודער־קריג, ווען די אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג וואָלט געווען פאַראייניגט, וואָלט די צאָל מיטגלידער אין די יוניאָנס זיכער געשטיגען פיל העכער.

איינע פון די גרויסע געווינסען פאַר די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע אַרבייטער דאָס יאָר זיינען די מפּלות פון קאָמפּאַני יוניאָנס דורך באַפעלען פון דער נעשאָנאַל לייבאָר באָארד וואָס האָט זיי געצוואונגען זיך אויפצולעזען. אַזוינע אַנטשיידונגען זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען געגען דער רעפּאַבליק סטיל קאָמפּאַני, וועלכע איז געאָרדערט געוואָרען צוריקצאָלען די אַרבייטער אַרום צוויי מיליאָן דאָלאַר דיוס, געגען הענדריקסאָן אין דזשאַקסאָן, געגען די בוירקשייר ניטינג מילס און אַ גאַנצע רייע אַנדערע פירמעס. עס מיינט נאָך נאַטירליך ניט אַז די קאָמפּאַני יוניאָן מגפּה איז שוין אין גאַנצען פאַרשוואונדען. בעלי בתים גיבען ניט אויף אַזוי לייכט אַזאַ ווירקזאַמע געצייג געגען די אַרבייטער ווי די קאָמפּאַני יוניאָן איז. זיי זוכען נאָך מיטלען צו כשר'ן די קאָמפּאַני יוניאָנס דורך ענדערען דעם נאָמען, אויף „אומאָפּהענגיגע יוניאָן"; זיי מאַכען מאַנכע ענדערונגען אין די קאָנסטיטוציעס אַז עס זאָל אויסקוקען ווי אַן אמת'ע יוניאָן. אין די מערסטע פאַלען איז עס אָבער געלונגען די אמת'ע יוניאָנס אויפצודעקען דעם אמת'ן פּנים פון די אָרגאַניזאַציעס און אויסצופירען אַז זיי זאָלען פאַרבאָטען ווערען.

## אַנדערע געווינסען דורך געזעץ און רעגירונגס קאָמיסיעס

אַ חוץ די מפּלות פון די קאָמפּאַני יוניאָנס, וואָס איז אַ וויכטיגער געווינס פאַר די אָרגאַניזירטע אַרבייטער, האָט די טרייד יוניאָן באַוועגונג דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר אויך פאַרצייכענט אַ רייע אַנדערע געווינסען דורך געזעץ און רעגירונגס קאָמיסיעס סיי עקאָנאָמישע און סיי אָרגאַניזאַציאָנעלע. אין 674 פאַלען האָבען די אַרבייטער געוואונען אָנערקענונג פון זייער יוניאָן דורך אָפּשטימונגען אונטער'ן אויפזיכט פון דער נעשאָנאַל לייבאָר רילייישאָנס באָארד. פון די האָבען אַ. פ. אָוו ל. יוניאָנס געוואונען אין 262 אָפּשטימונגען, סי. אַי. אָ. יוניאָנס האָבען געוואונען אין 260 פאַלען און אומאָפּהענגיגע יוניאָנס האָבען געוואונען אין 52 אָפּשטימונגען. אין 172 פאַלען האָט קיין יוניאָן ניט געוואונען קיין מאַיאָריטעט. דאָס מיינט אַז אין די פאַלען האָבען די מערהייט אַרבייטער געשטימט געגען יעדע יוניאָן.

אינטערעסאַנט איז דערביי וואָס געוויינליך איז דער איינדרוק, אַז די סי. אַי. אָ. איז שטאַרקער ווען עס קומט צו אַן אַנטשיידונג פון די אַרבייטער ווען זיי ווילען עס זאָל זיי פאַרטרעטען. די אָפּשטימונגען אָבער האָבען באַוויזען אַז דאָס איז ניט דער פאַל געווען היינטיגס יאָר. די אַ. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבען דאָס יאָר געוואונען אין מער אָפּשטימונגען ווי די סי. אַי. אָ. סיי אַבסאָלוט און סיי אין פּראָצענט פון וואַלען אין וועלכע זיי האָבען זיך באַטייליגט. פון די 213 אָפּשטימונגען אין וועלכע די אַרבייטער האָבען באַדאַרפט אַנטשיידען צווישען דער אַמעריקען פעדעריישאָן און דער סי. אַי. אָ., האָט די פעדעריישאָן געוואונען אין 109 פאַלען און די סי. אַי. אָ. אין בלויז זעקס און זיבעציג פאַלען. אין 28 פון די אָפּשטימונגען האָבען ביידע יוניאָנס פאַרלאָרען ווייל קיינע פון זיי האָט ניט געהאַט קיין מערהייט שטימען.

עקאָנאָמיש האָבען די אַרבייטער דאָס יאָר געוואונען צום מערסטען דורך דעם שטונדען שכירות געזעץ. לויט דעם באַריכט פון אַדמיניסטראַטאָר ענדריוס צום קאָנגרעס, האָבען דריי הונדערט טויזענט אַרבייטער געקראָגען אַ העכערונג פון 6 סענט אַ שטונדע און מער פון אָקטאָבער 1938 און סוף דעם יאָר. דאָס זיינען די וואָס האָבען פריער געקראָגען ווייניגער ווי 25 סענט אַ שטונדע און זיינען געהעכערט געוואָרען צו דרייסיג סענט; נאָך 250 טויזענט אַרבייטער האָבען געקראָגען העכערונגען דאָס יאָר פון איינס ביז פינף סענט אויף דער שטונדע. איינס מיט דריי־פערטעל מיליאָן אַרבייטער האָבען געקראָגען זייערע אַרבייטס־שטונדען פאַרקירצט מיט ווייניגסטענס צוויי שטונדען אַ וואָך און אין פאַל פון איבער אַ האַלבען מיליאָן איז די פאַרקירצונג פון דער אַרבייטס־צייט געווען נאָך גרעסער. צו די עקאָנאָמישע געווינסען דאַרף אויך צוגערעכענט ווערען דאָס וואָס פאַר די עקסטראַ שטונדען אַרבייט האָבען זיי געמוזט קריגען געצאָלט אָנדערטהאַלבען מאָל אַזוי פיל. אַרום און אַרום האָט עס זיכער געבראַכט די אַרבייטער שיינע עטליכע מיליאָן דאָלאַר דירעקט. אומדירעקט האָבען פיל מער אַרבייטער דערפון גענאָסען סיי צוליב דער פאַרגרעסערטער קויף־קראַפט וואָס האָט זיי געגעבען מער באַשעפטיגונג און סיי דורך דעם וואָס די העכערונג פון שכירות פאַר די נידעריגסטע באַצאָלטע פאַראורזאַכט אויך אַ העכערונג פאַר די בעסער באַצאָלטע אַרבייטער.

אַ באַדייטענדע צאָל אַרבייטער וואָס זיינען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פון זייערע דזשאָבס איבער יוניאָן טעטיגקייט אָדער אַלס רעזולטאַט פון סטרייקס פאַר דעם רעכט פון קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען האָבען דורך באַשטימונגען פון דער לייבאָר באָארד צוריקגעקראָגען זייערע פּלעצער און פילע האָבען געקראָגען צוגע'משפּט בעק פּעי פאַר דער גאַנצער צייט וואָס זיי זיינען געווען אַרבייטסלאָז צוליב אַזאַ דיסקרימינאַציע.

ניט אַלץ אָבער וואָס די געזעץ געבער און רעגירונגס אַגענטורען האָבען געטאָן דאָס יאָר איז געווען גינסטיג פאַר די אַרבייטער. געווען אויך אַקטען וואָס האָבען שטאַרק געשעדיגט די אַרבייטער און די יוניאָנס.

דער ערשטער אַנגריף פון קאָנגרעס איז געווען אויף די אַרבייטסלאָזע. ניט נאָר איז געשניטען געוואָרען די סומע געלט פאַר דער וו. פּ. א., נאָר עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרען אַזוינע ענדערונגען אין דעם געזעץ וואָס האָבען אי פאַרקלענערט די צאָל מענשען וואָס קענען קריגען באַשעפטיגונג אויף די פּראָיעקטען אי די שכירות פון אַ גרויסער צאָל פון זיי איז געשניטען געוואָרען. מאַנכע פּראָיעקטען ווי דער טעאַטער פּראָיעקט איז אין גאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען. עס איז אויך אָפּגעשאַפט געוואָרען דער פּונקט וואָס האָט פאַרזיכערט די אַרבייטער די „פּריוועילינג ווידזשעס" וואָס עס האָט פאַר אַרבייטער אין די אָרגאַניזירטע פאַכען וואָס זיינען באַשעפטיגט געוואָרען אויף די פּראָיעקטען געמיינט אַז זיי האָבען געקראָגען יוניאָן־שכירות פער שטונדע. כאָטש זייערע מאָנאַטליכע געהאַלטען זיינען דורך דעם ניט געווען פיל גרעסער, האָבען זיי אָבער דערפאַר געאַרבייט ווייניגער שטונדען. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרען אַ פאַראָרדנונג, אַז יעדער וו. פּ. א. אַרבייטער וואָס איז געווען אויפ'ן פּעי ראָל 18 מאָנאַטען דאַרף אויטאָמאַטיש אָפּגעזאָגט ווערען גאַנץ גלייך צי ער האָט פון וואַנען צו לעבען אָדער ניט.

אין אַ צאָל סטייטס זיינען דעם יאָר אָנגענומען געוואָרען געזעצען געגען יוניאָנס. דער שאַרפּסטער פון זיי איז דער געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין אָרעגאָן וועלכער בינדט די אַרבייטער הענט און פיס און מאַכט עס פּאַקטיש אוממעגליך צו סטרייקען. שאַרפע געזעצען געגען סטרייקס און יוניאָנס זיינען אויך אָנגענומען געוואָרען אין וויסקאָנסין, פּענסילווייניע און אָהייאָ. אין אַ גרויסער צאָל סטייטס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען ענליכע געזעץ פּראָיעקטען אין די לעגיסלאַטורען אָבער זיינען ניט דורכגעגאַנגען.

אַ שטאַרקע אַטאַקע איז געמאַכט געוואָרען אויף דער נעשאָנאַל לייבאָר רילייישאָנס באָארד דורך דער אונטערזוכונג קאָמיטע פון קאָנגרעס. דער צוועק איז זיכער צו שאַפען אַ באָדען פאַר דער פאַרקריפּלונג פון דעם וואַגנער געזעץ אין דער קומענדער סעסיע פון קאָנגרעס.

אַטוירני דזשענעראַל מוירפי און זיין געהילף, טוירמאַן אַרנאָלד, האָבען אָפען ערקלערט אַז יוניאָנס קענען פאַר געוויסע אומגעזעצליכע האַנדלונגען אָנגעקלאָגט ווערען אונטער'ן שערמאַן אַנטי־טראַסט געזעץ און פאַר'משפּט ווערען צו צאָלען דרייפאַכע שאָדענערזאַץ. די זאָקען שטריקערס יוניאָן איז דאָס יאָר פאַר'משפּט געוואָרען אונטער דעם געזעץ צו צאָלען דער אַפּעקס האָוזיערי קאָמפּאַני דריי־פערטעל מיליאָן דאָלאַר. אַ העכערער געריכט האָט דעם אורטייל אומגעוואָרפען. אָבער ניט אויפ'ן גרונט וואָס אַ יוניאָן איז פריי פון די פאַרשריפטען פון

דעם געזעץ, נאָר אויף טעכנישע גרינדע. די קאָמפּאַני האָט אַפּעלירט געגען דעם אורטייל. לעצטענס זיינען אויך אַ צאָל יוניאָנס אין די בילדינגס טריידס אָנגעקלאָגט געוואָרען פון דער פעדעראַלער רעגירונג אונטער דעם געזעץ. אויב די געריכטען זאָלען שטיצען די אויסטייטשונג פון געזעץ זיינען פּאַקטיש אַלע יוניאָנס אין געפאַר.

### נאָך אַלץ שוואַכע אויסזיכטען אויף פרידען

דער קריג אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג איז דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר נאָך פאַרשאַרפט געוואָרען און אַלע פאַרזוכען צוזאַמענצוברענגען ביידע צדדים און ברענגען פרידען איז ביז איצט ניט געלונגען.

פאַרזוכען זיינען גראַדע דעם יאָר געמאַכט געוואָרען אַ סך. פאַרזוכען פון טרייד יוניאָן פירער, פון גאַנצע יוניאָן קערפּערשאַפטען און פון אַזוינע וויכטיגע פּאָליטישע פיגורען ווי פּרעזידענט רוזוועלט און זיין קאַבינעט, גאָווערנאָרס און מעיאָרס. די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר פירערשאַפט האָט זיך די גאַנצע צייט ערקלערט גרייט צו באַנייען די פאַרהאַנדלונגען. דזשאָהן ל. לואיס האָט אָבער אָפען ערקלערט, אַז פרידען אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג איז ניט מעגליך מיט די איצטיגע פירער פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר וועלכע זיינען לויט זיין מיינונג אַלץ וואָס אין קאָרט שטייט. חוץ דעם האָט ער אין איינער פון זיינע רעדעס ערקלערט, אַז ער באַטראַכט דעם פרידען ניט אַלס די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון די יוניאָנס. די וויכטיגסטע אויפגאַבע — האָט ער געזאָגט — איז אָרגאַניזירען די מאַסען ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער. ער גלויבט אַז די סי. אײ. אָ. קען דאָס דערגרייכען. ווייניגסטענס, זאָגט ער אַז ער גלויבט אין דעם.

דערווייליגע ווערט דער קאַמף אַלץ מער פאַרשאַרפט. די סי. אײ. אָ. האָט זיך שוין גענומען אָפען אָרגאַניזירען אָפּאָזיציע יוניאָנס אין אַזוינע פאַכען וואו די אַרבייטער זיינען פאַרהעלטנסמעסיג גוט אָרגאַניזירט אין פאַך יוניאָנס ווי די בוי־אינדוסטריע. ביי אַ מיטינג פון דער סי. אײ. אָ. בוי אַרבייטער יוניאָן אין ניו יאָרק איז עס שוין געקומען צו אַ בלוטיגען געשלעג מיט מיטגלידער פון די אַ. פ. אָוו ל. יוניאָנס אין די פאַכען. דאָס איז בלויז אַן אָנהויב. ווייניג האָט די אינדוסטריע געליטען פון יוריסדיקציע רייסערייען צווישען די פאַרשידענע פאַך יוניאָנס, וואָס איז ערשט דאָס יאָר געלונגען כמעט אָפּצושאַפען, איז איצט געקומען די סי. אײ. אָ. און די מלחמה צווישען די אַרבייטער ווידער באַנייט.

אין דעצעמבער האָט פּרעזידענט רוזוועלט ווידער געמאַכט אַ פאַרזוך צו באַנייען די פרידענס פאַרהאַנדלונגען צווישען די צוויי צדדים. פריער גרין און נאָכדעם לואיס זיינען געלאַדען געוואָרען אין ווייסען הויז און האָבען געהאַט געשפּרעכען מיט'ן פּרעזידענט. דאָס האָט געבראַכט צו ספּעקולאַציעס אַז פרידען איז נאָענט און וועט נאָך אפשר קומען אָנפאַנג דעם נייעם יאָר. הלוואי זאָל דאָס אמת זיין. קיין אויסערליכע סמנים פון אַ דערנענטערונג זעט זיך נאָך ליידער ניט.

### אַרבייטער קרבנות באַפרייט פון די תפיסות ;
### נייע קרבנות פאַרשפּאַרט

זעקס באַרימטע אַרבייטער קרבנות וואָס האָבען יאָרען לאַנג געשמאַכט אין די טורמעס פאַר זייער איבערגעבענהייט צום אַרבייטער קאַמף זיינען דאָס יאָר באַפרייט געוואָרען. די באַוואוסטעסטע פון זיי זיינען טאָם מוני און וואָרען ק. בילינגס וועלכע זיינען אָפּגעזעסען איבער 23 יאָר אין אַ קאַליפאָרניער תפיסה אויף דעם בלבול, אַז זיי האָבען געוואָרפען די באָמבע אויפ'ן פּריפּערעדנעס דעי פּאַראַד אין 1916. גאָווערנאָר אָלסאָן האָט זיי באַפרייט. מוני איז באַפרייט געוואָרען אין יאַנואַר און בילינגס אין אָקטאָבער.

גאָווערנאָר מאַרטין פון וואַשינגטאָן סטייט האָט אין סעפּטעמבער באַפרייט דעם לעצטען קרבן פון די זעקס אײ. וו. וו. מאַרטירער אין סענטראַליע, וואַשינגטאָן, וואָס זיינען פאַר'משפּט געוואָרען אין דעם יאָר 1918, רעי בעקער. די אַנדערע פינף חברים זיינען פריער באַפרייט געוואָרען. בעקער איז פאַר'משפּט געוואָרען צו אַ טערמין פון 25 ביז 40 יאָר.

גאָווערנאָר דזשאָן ע. מיילס, פון ניו מעקסיקאָ, האָט דעם יאָר באַגנאַדיגט די צוויי מעקסיקאַנער קרבנות פון אַ מאָרד בלבול כואַן אָטשאָאַ און מאַנועל אַוויטיאַ וועלכע זיינען אין 1935 פאַר'משפּט געוואָרען צו טערמינען טורמע פון 45 ביז 60 יאָר יעדער. זיי זיינען פאַר'משפּט געוואָרען פאַר דעם טויט פון אַ שעריף און צוויי אַרבייטער וואָס זיינען דערהרג'עט געוואָרען אין אַ דעמאָנסטראַציע געגען דעם פאַרזוך אַרויסצוזעצען אָרעמע פאַרמערס פון זייער לאַנד פאַר ניט קענען צאָלען חובות.

מעטה שמיטה וועלכער איז פאַר'משפּט געוואָרען צו לעבענסלענגליכער געפענגניש אין קאַליפאָרניע אין פאַרבינדונג מיט דעם אויפרייס פון דער „לאָס אַנדזשעלעס טיימס" אין 1910, איז דאָס יאָר פרייגעלאָזט געוואָרען אויף פּאַראָל.

אַ היבשע צאָל אַרבייטער קרבנות זיינען נאָך אַלץ פאַרבליבען אונטער גראַטעס. דער באַרימטסטער פון זיי איז דזשיימס מעקנאַמאַראַ וועלכער איז פאַר'משפּט אויף לעבענסלענגליכער תפיסה פאַר'ן אויפרייס אין דער „לאָס אַנדזשעלעס טיימס". אין טורמע זיינען נאָך אויך די צוויי מיינערס אין קענטאַקי פאַר דער שלאַכט וואָס זיי האָבען אָנגעפירט מיט כוליגאַנעס אין עווערטס ; צוויי מיינערס אין וועסט ווירדזשיניע וואָס זיינען פאַר'משפּט געוואָרען צו פערצען און זעכצען יאָר טורמע אויף דעם בלבול אַז זיי האָבען געשלאָגען און באַרויבט סטרייקברעכער אין סטרייק פון די ים אַרבייטער אין דזשוירזי סיטי אין 1936 ; פרעד ביעל וועלכער איז דאָס יאָר איינגעשפּאַרט געוואָרען אין טורמע פאַר'ן טעקסטיל סטרייק אין גאַסטאָניע און אַ צאָל אַנדערע. צו די קרבנות זיינען דאָס יאָר צוגעקומען אַ צאָל נייע. דורך דעם סטרייק פון די נאָדעל אַרבייטער אויף אַ וו. פּ. אַ. פּראָיעקט אין מיניאַפּאָליס, זיינען אַ צאָל אַרבייטער פאַר'משפּט געוואָרען צו טורמע ; אַ צאָל אָרגאַנייזערס פון יוניאָנס זיינען פאַר'משפּט געוואָרען דורך דעם יאָר אין פאַרבינדונג מיט סטרייק טעטיגקייט.

⁂

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכען דאָס בילד פון געשעענישען אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, פון אירע ערפאָלגען און דורכפאַלען, געווינסען און פאַרלוסטען. די אויסזיכטען פאַר'ן קומענדען יאָר זיינען פאַר באַזונדערס שווערע קאַמפען און אָנגריפען וועלכע די אַרבייטער וועלען מוזען צוריקשלאָגען. נאָך קיין מאָל אין דער געשיכטע איז ניט נויטיג געווען אַזוי איינינקייט און אַנטשלאָסענהייט פאַר די אַרבייטער ווי אין אָנהויב פון 1940.

# פּליכטלינגע וואָס האָבען אַ פאַך קענען זיך איינאָרדענען אין נייע לענדער, זאָגט לאָרד מאַרלי

„די לאַגע פון די הונדערטער טויזענטער אידישע פּליכטלינגע, וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע, איז נאַטירליך זעהר טראַגיש. אָבער פיל לייכטער איז די לאַגע פון די יעניגע, וועלכע האָבען אַ פאַך אין האַנד", האָט געזאָגט לאָרד מאַרלי, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון אייראָפּע. „אַלע לענדער אין אייראָפּע נויטיגען זיך איצט אין אַרבייטסהענט, דערפאַר וואָס די מעגליכע באַפעלקערונג פון כמעט אַלע לענדער איז איצט מאָביליזירט. יעדעס לאַנד איז דעריבער צופרידען צו באַנוצען די פּליכטלינגע פאַר פּראָדוקטיווער אַרבייט. דעריבער, אויב עס איז איצט וויכטיג צו געבען די אידישע פּליכטלינגע שפּייז און אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, איז נאָך וויכטיגער זיי אויסצולערנען אַ פאַך, אַזוי אַז זיי זאָלען קענען אַרבייטען און דערמיט ניט בלויז ווערען פּראָדוקטיווע מענשען, נאָר אויך זיך צו קענען אַליין העלפען און ניט דאַרפען אָנקומען צו צדקה".

דער „אָרט" טוט פיל אויף אויף דעם דאָזיגען געביט. אין אַלע לענדער וואו עס געפינען זיך איצט אידישע פּליכטלינגע, זיינען פאַראַן „אָרט" פאַך־שולען און פאַרם־קאָלאָניעס, וואו טויזענטער אידען לערנען זיך אַ פאַך און ווערען פּראָדוקטיווע מענשען. אין ליטע און רומעניע, אין לאַטוויע און בולגאַריע אויך אין פראַנקרייך און ענגלאַנד און אין אַנדערע לענדער זיינען פאַראַן אַזעלכע „אָרט" אינסטיטוציעס, וועלכע העלפען די אידישע מלחמה קרבנות צוריק זיך צו שטעלען אויף די פיס. אָבער טראָץ דער גרויסער הילפס־אַרבייט, וואָס דער „אָרט" פירט אָן, קען ער אָבער ניט נאָכקומען דעם גרויסען באַדאַרף. פילע טויזענטער אידען רייסען זיך אָנצוקומען אין די „אָרט" פאַך־שולען און פאַרם־קאָלאָניעס. אָבער מען קען זיי ניט אויפנעמען, ווייל עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר זיי. עס מוזען דעריבער פאַרגרעסערט ווערען די „אָרט" אינסטיטוציעס. אָבער דערצו נויטיגט זיך דער „אָרט" אין פיל מעהר געלד. „די אַמעריקאַנער אידען זיינען איצט כמעט די איינציגע אין דער וועלט, וואָס קענען פינאַנציעל העלפען זייערע אומגליקליכע ברידער אין אייראָפּע. די אידישע פרויען אין אַמעריקע פילען מיט אפשר מעהר ווי די מענער דעם טרויעריגען שיקזאַל פון די אידען אין אייראָפּע און דאַרפען דעריבער אָנשטרענגען אַלע זייערע כחות, כדי צו העלפען דעם „אָרט" צו שאַפען די נויטיגע געלט־פאָנדען. אַזוי אַז דער „אָרט" זאָל קענען ראַטעווען פון אונטערגאַנג אַ גרעסערע צאָהל אידען אין אייראָפּע", האָט לאָרד מאַרלי געזאָגט.

# אין יוניאָן העלטה סענטער

## פון פּאָולין מ. ניומאַן.

די קלאָוק און דרעס טראַק דרייווערס יוניאָן לאָקאַל 102 האָט באַשלאָסען נאָכצופאָלגען דעם ביישפּיל פון אונזערע גרעסערע לאָקאַלס און אויך איינשטעלען אַ קראַנקען בענעפיט פאָנד פאַר זייערע מיטגלידער. די מיטגלידער פון לאָקאַל 102 זיינען פאַרהעלטנישמעסיג יונגע מענשען. קראַנקהייט אָבער, ווי מיר האָבען געהאַט די געלעגענהייט צו באַמערקען, מיידט ניט אויס די יונגע. פאַרקערט, צו מאַנכע קראַנקייטען זיינען יונגע מענשען גיכער אונטערוואָרפען ווי עלטערע. עס איז דעריבער זייער וויכטיג צו געבען די יונגע אַרבייטער יעדע מעגליכקייט צו באַשיצען זיך געגען קראַנקהייט.

א חוץ די קראַנקען בענעפיט וואָס דער לאָקאַל וועט צאָלען די מיטגלידער, ווערט אויך באַזאָרגט אַז יעדער מיטגליד זאָל קריגען צוויי פרייע מעדיצינישע אונטערזוכונגען אַ יאָר. דאָס אַליין וועט פיל העלפען צו פאַרמיידען קראַנקהייט. די עקאָנאָמישע לאגע היינט צו טאָג פון אונזערע אַרבייטער איז אַזאַ, אַז זיי קענען זיך ניט ערלויבען דעם לוקסוס פון צאָלען דאָקטאָר בילס. די מערסטע אַרבייטער באַזוכען דעריבער זייער דאָקטאָר בלויז ווען זיי פילען שוין אַזוי קראַנק אַז זיי קענען ניט אַרבייטען. ווען דער לאָקאַל אָבער, צו וועלכען זיי באַלאַנגען, וועט זיי באַזאָרגען מיט פרייע מעדיצינישע אונטערזוכונגען, וועט ניט זיין קיין אורזאַך פאַר וועמען ניט איז צו פאַרנאַכלעסיגען זיין געזונט. דער יוניאָן העלטה סענטער איז דעריבער זייער צופרידען דערמיט וואָס לאָקאַל 102 באַזאָרגט די מיטגלידער מיט פרייע אונטערזוכונגען.

צו דער לאַנגער און וואַקסענדער ליסט פון קלענערע לאָקאַלס וואָס באַזאָרגען זייערע מיטגלידער מיט מעדיצינישער הילף איז, אַלזאָ, צוגעקומען דער לאָקאַלס 64 און 102. מיר באַגריסען לאָקאַל 102 און זייער מענעדזשער, ברודער מעץ, מיט זייער אַרבייט צו פאַרמיידען קראַנקייט און באַשיצען דעם געזונט פון די מיטגלידער אַזוי גוט ווי אַרויסהעלפען זיי פינאַנציעל ווען זיי קענען ניט אַרבייטען איבער קראַנקהייט. דאָס איז דער ריכטיגער וועג. וועלכער פון אונזערע קלענערע לאָקאַלס איז נעקסט?

### לעקציע איבער געזונט־פּראָגען

דר. מ. דעיוויס, אַן אויטאָריטעט איבער מעדיצינישע עקאָנאָמיקס, האָט אַדרעסירט אונזערע מיטגלידער ניט לאַנג צוריק, אין „לייבאָר סטעידזש". דר. דעיוויס האָט ערעפענט אַ סעריע לעקציעס, וועלכע וועלען אָנגעהאַלטען ווערען דורכ'ן גאַנצען מאָנאַט יאַנואַר. דר. דזשאָרדזש פּרייס, דירעקטאָר פון יוניאָן העלטה סענטער, איז געווען פאָרזיצער און די שרייבערין פון די שורות האָט געוואָרענט דעם עולם געגען אָנכאַפּען זיך אַן די פאַרשידענע האָספּיטאַל סקימס, אידער זיי באַראַטען זיך מיטען העלטה סענטער.

### באָב וואַגנער דזשוניאָר באַזוכט העלטה סענטער

איינער פון די פילע באַזוכער אין יוניאָן העלטה סענטער לעצטען מאָנאַט איז געווען „באָב" וואַגנער דזשוניאָר. אַסעמבלימען וואַגנער איז, ווי די לעזער ווייסען, אַ מיטגליד פון דער ציטווייליגער געזונטהייט קאָמיסיע פון ניו יאָרק סטייט און איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אַרבייט פון יוניאָן העלטה סענטער. אונזער אינסטיטוציע האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. גייענדיג פון צימער צו צימער, האָט ער כסדר איבערגעחזרט: „ווי שעהן איינגעאָרדענט און ווי ריין דאָ איז". אַסעמבלימען וואַגנער, ווי זיין באַרימטער פאָטער, יונייטעד סטייטס סענאַטאָר וואַגנער, איז זייער גערן צו זען אַז עפּעס זאָל געטאָן ווערען פאַר די וואָס נויטיגען זיך אין מעדיצינישער באַהאַנדלונג דאָ אין סטייט. דער יוניאָן העלטה סענטער איז גרייט צו קאָאָפּערירען און האָפט, אַז עס וועט אים געלינגען דאָ אין סטייט, און זיין פאָטער אין די פאַראייניגטע שטאַטען, צו באַזאָרגען די אַרבייטער מיט געהעריגע מעדיצינישע אויפּפּאַסונג.

# פונ'ם אינטערנאציאנאלען ארבייטער־לעבען

## דער אינטערנאציאנאלער ארבייטס־אמט באטראכט שוין ארבייטס־פראבלעמען פון שלום־צייט



י „קריזיס־קאמיסיע”, וואס איז אויסגעקליבען געווארען מיט א יאר צוריק אויף א פלענארער פארזאמלונג פונם אינטערנאציאנאלען ארבייטס־אמט אין גענף, האט לעצטענס אפגעהאלטען א מיטינג ביי דער באטייליגונג פון כמעט אלע מיטגלידער אירע. אויפ'ן מיטינג זיינען דיסקוטירט געווארען די נאענטסטע אויפגאבען פונ'ם ארבייטס־אמט.

אלס וויכטיגסטע אויפגאבע איז איינשטימיג אנערקענט געווארען די ארבייט, צו צענטראליזירען און פארנאנדערצוטיילען גענויע אינפארמאציעס וועגען אלע סאציאלע פראבלעמען, וואס שאפען זיך אין דער איצטיגער וועלט־צעטרייסלונג אין די איינצעלנע לענדער.

פיל אויפמערקזאמקייט האט די קאמיסיע אויך אפגעגעבען צו פראבלעמען, וואס זיינען איצטער נאך נישט אקטועל, וואס קענען אבער גאר אין גיכען קריגען די וויכטיגסטע באדייטונג: דאס זיינען יענע סאציאלע פראבלעמען, וואס וועלען זיך שאפען איבער דער גאנצער וועלט, ווילאלד עס וועט געשלאסען ווערען דער שלום. וואס וועט זיין דעם צווייטען טאג, נאכדעם ווי עס וועלען אנטשוויגען ווערען די קאנאנען און די מיליאנען סאלדאטען פון די פראנטען וועלען זיך אומקערען אהיים? קיינער קען דאס ניט פאראויסזאגען. עס ווענדעט זיך אין דעם. ווי אזוי די סאלדאטען וועלען אהיימגיין און ווי ווייט אייראפע וועט חרוב זיין אדער — וואס עס וועט נאך צוריקבלייבען פון אייראפע אין דעם טאג, ווען עס וועט געשלאסען ווערען פרידען. סוף כל סוף ווענדעט עס זיך אבער אין דער פראגע, ווי ווייט עס וועט גרייכען די רעוואלוציע, וועלכע וועט נאכפאלגען דער מלחמה, וועלכע לענדער עס וועלען פון איר פארפלייצט ווערען און וואס וועלען זיין אירע אוממיטעלבארע רעזולטאטען. מיט איין ווארט, מיר שטייען פאר לויטער פראגע־צייכענס, ווען מיר הויבען אן צו טראכטען וועגען דעם צווייטען טאג נאך דער מלחמה.

און דאך! — פאראן פראבלעמען, וועלכע זיינען שוין איצט רייף צו דיסקוסיע; פאראן פראגען, וואס וועלען זיכער אקטועל ווערען נאך דער מלחמה, ווי אזוי זי זאל זיך ניט פירען און ווי אזוי זי זאל זיך ניט פארענדיגען. מען וועט מוזען צוריק אויפבויען די חרוב'ע טיילען פון אייראפע, מען וועט מוזען פארזארגען ארבייט פאר אלע ארבייטס־מענשען, מען וועט זיך מוזען אן עצה געבען מיט דער פראגע פון רויע שטאפען.

אט די אלע פראגען נעמט מען זיך איצט באטראכטען אין ארבייטס־אמט. ס'איז די איינציקע אינטערנאציאנאלע אינסטיטוציע מיט אן אפיציעלען כאראקטער, וואס פונקציאנירט אויך בשעת דער מלחמה. ס'איז די איינציגע אינסטיטוציע, וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון פארטרעטער פון ביידע סאציאלע קלאסען, ארבייטער און קאפיטאליסטען, און אויך פון פארטרעטער פון די רעגירונגען. ספעציעל אט דעם לעצטען פונקט שטרייכט שטענדיג אונטער דער פראנצויזישער יתיאן־פירער לעאן זשוהא, וועלכער פאדערט פונ'ם ארבייטס־אמט, אז ער זאל העלפען שאפען דעם פונדאמענט פאר א נייער וועלט, וואס מוז ארויסקומען פון דער איצטיגער מלחמה. דערוויל זיינען דאס פראגען פון אקאדעמישע סטודיעס. איז מען צוגעטראטען אין ארבייטס־אמט צו שטודירען אט די אלע פארפלאנטערטע פראגען. אט די סטודיעס וועלען זיכער שטארק צונוץ קומען.

די קאמיסיע האט אויך באשלאסען אנצואווענדען די גאנצע ענערגיע, אז די אינטערנאציאנאלע קאנפערענץ, וואס איז באשטימט געווארען אויפ'ן יאר 1940, זאל אפגעהאלטען ווערען אונטער אלע אומשטענדען.

### גרעסערע פראספעריטי ערב מלחמה ווי — בשעת מלחמה

דער סטאטיסטישער ביולעטין וועגען דער וועלט־ווירטשאפט־סיטואציע, וואס ווערט ארויסגעגעבען פון דער פעלקער־ליגע, ברענגט אינטערעסאנטע ציפערען וועגען דער וועלט־פראדוקציע אין דריטען קווארטאל פונ'ם יאר 1939 (ד. ה. פאר די מאנאטען יולי, אויגוסט, סעפטעמבער). צוויי־דריטעל פון אט דער צייט (די מאנאטען יולי און אויגוסט) זיינען ערב־מלחמה צייט און נאר איין דריטעל (סעפטעמבער) באלאנגט צו דער אייגענטליכער מלחמה־צייט. פון די ציפערען ווייזט זיך ארויס, אז אומעטום אין דער וועלט איז זייער שטארק געוואקסען אין דער לעצטער צייט די פראדוקציע פון יענע מעטאלען, אין וועלכע מען נויטיגט זיך פאר'ן מלחמה־געברויך.

## פון דר. יוסף קיסמאן.

אזוי איז אין חודש יולי 1939 די פראדוקציע פון רוי־אייזען גרעסער געווען ווי אין דעם זעלבען חודש פון יאר 1938: אין ענגלאנד מיט 46 און א האלב פראצענט, אין פראנקרייך — מיט אריבער 69 פראצענט. ענליך אויך אין דער שטאל־אינדוסטריע: אין ענגלאנד איז די פראדוקציע גרעסער געווען מיט 61 פראצענט, אין פראנקרייך — מיט אריבער 70 פראצענט. נאר אין דייטשלאנד איז די פראדוקציע ניט געשטיגען, ווייל זי האט שוין פריער דערגרייכט דעם מאקסימום. אין אלגעמיין איז די וועלט־פראדוקציע אין לעצטען יאר זייער שטארק פארגרעסערט געווארען. אין חודש אפריל 1939 איז זי העכער געווען מיט 16 פראצ. ווי אין דעם זעלבען חודש פון 1938, אין יוני — מיט 21 פראצענט. אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע איז די פראדוקציע אויסגעוואקסען מיט אן ערך 20 פראצענט.

די דאזיגע ציפערען זיינען אייגענטליך קיין שום איבערראשונג ניט. די וועלט האט זיך געגרייט צו מלחמה, האט מען פראדוצירט מלחמה־מאטעריאל, וויפיל ס'איז נאר מעגליך געווען.

אינטערעסאנט זיינען דא נאר צוויי פאקטען:

ערשטענס דערוויסט מען זיך, אחר המעשה, פון סטאטיסטישע ציפערען, אז דער דריטער קווארטאל פונ'ם פארגאנגענעם יאר איז עקאנאמיש געווען א גאנץ היבשע פראספעריטי־צייט. דעמאלט, אין דער צייט פון אט דער „פראספעריטי” אליין, האט די ארבייטערשאפט גאר ניט געפילט, אז ס'איז א גוטע צייט. און אויך איצטער מוז מען ממש גלויבען אויפ'ן ווארט דער סטאטיסטיק פון דער פעלקער־ליגע. אבער אין די לויף־ציפערען, אין די ציפערען פון דער פראלעטארישער הויזווירטשאפט האט מען גאר ניט געפילט די ברכה פון א גוטער צייט, ניט אין אייראפע אויך ניט אין אמעריקע, וואו די פראדוקציע איז געשטיגען מיט 20 פראצענט. אט דער פאקט ווייזט אויף א בולט'ן אופן דעם איצטיגען צושטאנד פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט: אפילו ווען די פראדוקציע ווערט שטארק פארגרעסערט, איז דאס נאך אלץ ניט קיין פילבארע פארלייכטערונג פאר'ן ארבייטער־גורל. נאך שנעלער ווי די פארגרעסערונג פון דער פראדוקציע גייט דער טעכנישער פארשריט. ארבייטער ווערען ארויסגעשטופט פון דער פראדוקציע דורך מאשינען, טא וואקסט די פראדוקציע צוזאמען מיט'ן ארויסשטויסונגס־פראצעס. אין רעזולטאט באקומט זיך, אז די ארבייטסלאזיגקייט איז טאקע צוריקגעגאנגען, אבער ווייט ניט אין דער פראפארציע ווי עס איז געוואקסען די פראדוקציע.

א צווייטער אינטערעסאנטער פאקט איז, אז ערב דער מלחמה איז די פראדוקציע לעבעדיגער געווען ווי שפעטער, נאכדעם ווי די מלחמה האט אויסגעבראכען. דערוויל קען מען בלויז זען דאס איינע, אז אויפ'ן ארבעטס־מארק איז ניט פרייליך, שפעטער וועט מען זיך דערוויסען די אפיציעלע ציפערען וועגען דער פראדוקציע אין די ערשטע עטליכע מאנאטען פון מלחמה. אזוי פיל מענשען זיינען געשיקט געווארען אויף די פראנטען, אלע נאציאנאלע ווירטשאפטען זיינען געשטעלט געווארען אין דינסט פון מלחמה און — די ארבייטסלאזיגקייט ווערט ניט באדייטענד פארקלענערט.

### אויפין ארבייטס־מארק אין ענגלאנד

א כאראקטעריסטישער ביישפיל פאר די פעסטשטעלונגען, וואס מיר מאכען איבען, איז דער איצטיגער צושטאנד אויפ'ן ארבייטס־מארק אין ענגלאנד.

לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבען, איז די ארבייטסלאזיגקייט אין ענגלאנד מיט א קלייניגקייט צוריקגעגאנגען אין משך פונ'ם חודש נאוועמבער — מיט אן ערך 28 טויזענט אבער — די צאל ארבייטסלאזע אין ענגלאנד באטרעפט אלץ נאך 1 מיליאן מיט 400 טויזענט, דאס הייסט מיט 425 ווייניגער ווי אין יאר 1938, אבער מיט 50 טויזענט מערער ווי פאר דער מלחמה!

אן ערך דריי־פערטעל מיליאן מענער האט די רעגירונג געריפען צום מיליטער־דינסט, צענדליג טויזענטער פרויען געפינען זיך אויך אין פארשידענע צווייגען פון מיליטערישען דינסט און, נאך דעם אלעמען, זיינען אלץ נאך פאראן 170 טויזענט מער ארבייטסלאזע ווי פאר'ן מלחמה־אויסברוך.

באמת אן אויסטערלישע מלחמה, וואס שאפט ניט קיין ארבייט, אבער אויך א דראסטישער באווייז פון דער פארלוירענקייט פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג, וואס קען ניט פארזארגען קיין ארבייט ניט אין נארמאלע צייטען און אפילו ניט אין צייטען פון אויסערגעוויינליכען געברויך.

### מלחמה־פראפיטירערס אין ענגלאנד קאנטראלירען זיך אליין

באלד ווי די מלחמה האט אויסגעבראכען, האט די רעגירונג אין ענגלאנד צוגעזאגט דעם שטרענגסטען קאנטראל איבער דער נאציאנאלער אינדוסטריע, כדי צו פארהיטען, אז אויפ'ן חשבון פונ'ם בלוט און לעבען, וואס עס געבען איצט אוועק די פאלקס־מאסען, זאלען ניט געמאכט ווערען קיין גרויסע פראפיטען פון די קאפיטאליסטען. עס זיינען באלד אויך ארויסגעגאנגען א גאנצע רייע געזעצען און פארארדנונגען, מיט וועלכע די אינדוסטריע פאר מלחמה־צוועקען איז געשטעלט געווארען אונטער'ן קאנטראל פון רעגירונגס־קאמיסיעס. די באוואוסטע צייטונג „עקאנאמיסט” האט אויסגערעכענט, אז א העלפט ביז צוויי דריטעל פון דער אינדוסטריע פאלען ארונטער אונטער'ן מלוכה'שען קאנטראל, ווייל, פארשטייט זיך, אז אין מלחמה־צייט מוז די אינדוסטריע הויפטזעכליך ארבייטען פאר'ן מלחמה־געברויך. מיט רעכט האט די רעגירונג ביי יעדער געלעגענהייט באטאנט, אז דאס מאל וועלען שוין ניט געמאכט ווערען אזעלכע דילעטאנטישע אימפראוויזאציעס ווי בשעת דער פריערדיגער וועלט־מלחמה.

די קאפיטאליסטישע צייטונגען האבען זיך שוין געשראקען, אז דאס גייט מען איבערנעמען די אינדוסטריע און אייגענטום פון דער מלוכה, אבער דער שרעק איז געווען אן אומזיסטיגער. מען האט טאקע אוועקגעשטעלט קאנטראל־קאמיסיעס איבער דער מלחמה־אינדוסטריע, אזוי ווי די געזעצען האבען באשטימט, מער ניט, מען האט געטאן נאך איין קלייניגקייט: אין די דאזיגע קאנטראל־קאמיסיעס האט מען געשיקט — די אנפירענדיגע פערזאנען פון די איינצעלנע אינדוסטריע־צווייגען. דער זשורנאל „לייבאר־רעסוירטש” זאגט, אז ווען מען לעזט די נעמען פון די קאמיסיע־מיטגלידער, האט מען דעם איינדרוק, אז דאס זיינען עקזעקוטיוו־קערפערשאפטען פון קאפיטאליסטישע ארגאניזאציעס.

אזוי האבען די ענגלישע קאפיטאליסטען איבערגענומען דעם „שווערען דזשאב”, צו קאנטראלירען זייערע אייגענע פראפיטען.

### פינלאנדיס ארגאניזירטע ארבייט ערב דער מלחמה

דארט, וואו עס בושעווען איצט סטאלינ'ס טאנקען און קאנאנען, אין דער קליינער, העלדישער פינלענדישער מלוכה, האבען ביז נעכטען ערשט געבליט לעבען און פארשריט. דאס לאנד, איבער וועלכען די רויטע ארמיי האגעלט איצט מיט טויט און פארניכטונג פון דער יבשה און פון דער לופטען, האט פארמאגט א שיינע, לעבעדיגע ארבייטער־באוועגונג.

לויט דעם לעצטען באריכט, וואס דער יוניאן־צענטער פון פינלאנד האט ארויסגעגעבען, האט די צאל ארגאניזירטע ארבייטער באטראפען איבער 70 טויזענט, אין לעצטען יאר זיינען נאך צוגעקומען אין די ארגאניזאציעס קארגע 6 טויזענט ארבייטער. פאר אזא קליינעם לאנד מיט א שוואכער אינדוסטריע איז דאס זייער א שיינע ציפער. פינלאנד האט בלויז 4 מיליאן איינוואוינער, די פאראייניגטע שטאטען מער ווי דרייסיג מאל אזויפיל. ביי דער זעלבער פראפארציע וואלט אלזא די צאל ארגאניזירטע ארבייטער באדארפט באטרעפען אין אמעריקע אריבער 21 מיליאן און מיר האלטען דא אין לאנד נאך לאנג, לאנג ניט ביי אזא ציפער. פון אט דעם פארגלייך זעט מען, ווי גרויס ס'איז, פארהעלטניסמעסיג, די ארבייטער־ארגאניזאציע אין פינלאנד.

די ארגאניזאציע האט זיך געטיילט אויף 19 פעדעריישאנס (טרייד־אפטיילונגען) מיט 887 לאקאלען. די יוניאן־צייטונג איז ארויסגעגאנגען אין 50 טויזענט עקזעמפלארען. א ספעציעלער סעקרעטאריאט איז געווען

איינגעאָרדענט פאַר די שוועדישע מיטגלידער. פאַר די פרויען איז אַרויסגעגעבן געוואָרען אַן אייגענע צייטונג.

סטאַלינ'ס „פאָטערלאַנד פון סאָציאַליזם" צעשמעטערט איצט אָט די שיינע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט'ן גאַנצען פרידליכען, ציוויליזירטען לאַנד.

די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין מלחמה־צייט

אין ענגלאַנד איז פאַראַן אַ גרויסע, איינגעפונדעוועטע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועלכע נעמט אַרום אַ מיטגלידער־צאָל פון אַריבער 8 מיט אַ האַלב מיליאָן מענשען. אין לעצטען יאָר האָט דער אומזאַץ פון סחורות באַטראָפען אַריבער 260 מיליאָן פונט (ד. ה. בערך 1 ביליאָן מיט 200 מיליאָן דאָלאַר).

די עקאָנאָמישע באַדייטונג פון די קאָאָפּעראַטיוועו איז זייער אַ גרויסע פאַר דער גאַנצער ווירטשאַפט פונ'ם לאַנד. ניט בלויז וואָס די אייגענע מיטגלידער ווערען פאַרזאָרגט מיט גוטע פּראָדוקטען פאַר צוגענגליכע פרייזען, ווירקט אויך די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין זין פון רעגולירען די פרייזען אויפ'ן אַלגעמיינעם מאַרק. למשל, האָבען די קאָאָפּעראַטיווען אין די שווערסטע מאָמענטען פונ'ם פריערדיגען קריג פאַרקויפט די וויכטיגסטע לעבענס־מיטלען פאַר פיל ביליגערע פרייזען ווי דער פּריוואַטער האַנדעל: צוקער פאַר אַ האַלבען פרייז, אויך ברויט און אַנדערע אַרטיקלען.

ס'איז דעריבער פאַרשטענדליך, אַז די גרויסע סטאָרס, ספּעציעל די ריזיגע קאָמפּאַניס וואָס האָבען טשעין־סטאָרס איבער'ן גאַנצען לאַנד, זיינען ניט קיין איבעריגע גוטע פריינט פון די קאָאָפּעראַטיווען. און אַזוי ווי זיי געדענקען נאָך זייער גוט די טעטיגקייט פון די קאָאָפּעראַטיווען אין דער לעצטער מלחמה, טוען זיי איצט דאָס מעגליכסטע, אַז די רעגירונג זאָל ווייניגער פּראָדוקטען צוטיילען צו די קאָאָפּעראַטיווען ווי עס קומט זיי, וועדליג זייער מיטגלידערשאַפט. עס פירט זיך אַ שטילער פאַרביסענער קאַמף און, אַ דאַנק דער וואַכזאַמקייט פון די יוניאָנס און פון דער לייבאָר פּאַרטיי, ווייזט אויס, אַז די קאָאָפּעראַטיווען וועלען אַרויס אַלס זיגער.

אין אַלגעמיין זיינען די פרייזען פון לעבענס־מיטלען אין ענגלאַנד שטאַרק געשטיגען, די טרייד־יוניאָנס מאַכען איצט גרויסע אָנשטרענגונגען, צו דערגרייכען לוין־העכערונגען צווישען 15 און 20 פּראָצענט, כדי אויסצוגלייכען די לוינען מיט די געהעכערטע לעבענס־מיטלען.

ווען עס רעדט די שווערד, שווייגען די מוזען

ס'איז אַן אַלט ווערטעל נאָך פון די צייטען פון דער רוימישער מלוכה, אַז בשעת עס ווילדעוועט די מלחמה, בשעת „עס רעדט דער שווערד", מוזען שווייגען די מוזען, די לעגענדאַרע געטינס פון קונסט און וויסענשאַפט. אין אָט דעם ווערטעל דערמאָנט מען זיך, ווען מען לעזט אין דער פראַנצויזישער אַרבייטער־פּרעסע דעם קאָמוניקאַט פונ'ם „פעדעראַטיווען צענטער פון אַרבייטער־דערציאונג" אַז ער איז געצוואונגען, צייטווייליג אָפּצושטעלען זיין טעטיגקייט.

אין פראַנקרייך זיינען פאַראַן נישט ווייניגער ווי אַן ערך 140 אַרבייטער־קאָלעדזשעס. ערשט מיט עטליכע חדשים צוריק האָבען די קאָלעדזשעס אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ אין פּאַריז. מיט שטאָלצע ציפערען איז געקומען דער צענטער צו דער קאָנפערענץ, די באַוועגונג איז געוואַקסען. אין לעצטען יאָר אַליין, אין אָט דעם יאָר פון עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קריזיס און פון וואַקסענדיגער מלחמה־געפאַר, איז די צאָל קאָלעדזשעס פאַרגרעסערט געוואָרען מיט 35. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט באַדאַרפט ווידער פאָרקומען אַ קאָנפערענץ פונ'ם דערציאונגס־צענטער, די 8טע קאָנפערענץ האָט דאָס געזאָלט זיין. אָבער פירען אַ סיסטעמאַטישע „קולטורעלע טעטיגקייט אונטער די איצטיגע אומשטענדען, איז נישט מעגליך. די אַרבייטער־סטודענטען זיינען אין דער מלחמה, די פריינד זיינען צעשפּרייט איבער אַלע טיילען פונ'ם לאַנד און, דער עיקר,— די „אַטמאָספערע", זאָגט דער קאָמוניקאַט פונ'ם דערציאונגס־צענטער, „איז אַזאַ, אַז אַ פרייע דערציאונג און קולטורעלע טעטיגקייט איז נישט מער מעגליך". מען פאַרשטייט, וואָס דער קאָמוניקאַט מיינט מיט דעם איינעם וואָרט „אַטמאָספערע" — צענזור, פּאָליציייִשע וואַכזאַמקייט איבער יעדען פרייען וואָרט...

ס'איז מלחמה, און ווען עס רעדט די שווערד, שווייגען די מוזען.

פונים אַרבייטס־גהינום אין נאַצי־לאַנד

די נייע „אַרבייטס־אָרדנונג" אין דייטשלאַנד איז גענצליך פאַרמירט געוואָרען דורך דריי פאַראָרדנונגען, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען באַלד ביים אָנהויב פון דער מלחמה — צווישען דעם 1טען סעפּטעמבער און די דריטע דעם 4טען סעפּטעמבער. מיט די דאָזיגע פאַראָרדנונגען ווערט די אַרבייטס־צייט פאַרלענגערט און די אַרבייטספליכט פאַרגרעסערט ביז צו דער העכסטער גרעניץ, אין דער זעלבער צייט ווערט דער לוין באַגרעניצט ביז צום אויסערסטען מינימום. אַלע קאָלעקטיווע אָפּמאַכען, וועלכע האָבען עקזיסטירט פריער, זיינען אַנולירט, דער אַבסאָלוטער הערשער איבערן אַרבייטער איז דער אַזוי גערופענער „טריהענדער פון אַרבייט", אַ טשינאָווניק פון דער נאַצי־פּאַרטיי, וועלכער טרייבט אַן די אַרבייטער אַזוי ווי שקלאַפען. די רעדוקציע פון לוין ווערט פאַרשאַרפט דורך אַ העכערונג פון די אַרבייטס־שטייערן און כלומרשט „פּריווילעגיע" ביישטייערונגען, וואָס יעדער אַרבייטער מוז צאָלען פון זיין לוין.

ווען ס'איז אַרויסגעגאַנגען די לעצטע פאַראָרדנונג, (דעם 4טען סעפּטעמבער) וועלכע באַגרעניצט דעם אַרבייטס־לוין, האָט מען צוגעזאָגט די אַרבייטער, אַז די דאָזיגע פאַראָרדנונג ווערט דיקטירט פון אַ באַזונדערער חכמה פון דער נאַצישער עקאָנאָמיע, ווייל מיט'ן רעדוצירען דעם אַרבייטסלוין וועט מען דערגרייכען אַ סטאַביליזאַציע פון די פּרייזען. אויב די פּרייזען וועלען אָבער נישט שטייגען, וועט דאָס פאַר די אַרבייטער זיין אַ גרעסערער געווינס ווי די אַלטע לוינען. האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז די פּרייזען פון אַלע לעבענסמיטלען האַלטען טאַקע אין איין שטייגען — אויף וויפיל מען קריגט בכלל לעבענסמיטלען אויפ'ן מאַרק — בשעת דער אַרבייטסלוין איז אַראָפּגעשלידערט געוואָרען צו אַ פּונקט, אַז די דייטשע אַרבייטער דערנענטערען זיך שוין צום לעבענס־סטענדאַרד פון די קוליס אין כינע.

נאָך פאַר דער מלחמה איז דער פיזישער געזונט־צושטאַנד פון דער דייטשער אַרבייטערשאַפט געווען זייער אַ געפערליכער. אַ מעדיצינישע וואָכענשריפט אין מינכען האָט נאָך אין יולי פון איצטיגען יאָר געבראַכט אַ סטאַטיסטיק, פון וועלכער ס'איז צו זען, אַז יעדער פערטער דייטשער אַרבייטער ליידט פון נערוועזע קראַנקהייטען צוליב איבער־אַרבייט און אונטערדערנערונג. פון דעמאָלט אָן איז נאָך צוגעקומען די מלחמה און דריי „סאָציאַלע" פאַראָרדנונגען וועגען אַרבייטס־לוין און אַרבייטס־צייט.

אין ציוויליזירטע לענדער מיינט אַ געזעץ וועגען „ווערידזש און אורס", אַז עס ווערט געזעצליך פיקסירט דער מאַקסימום אַרבייטס־צייט און דער מינימום אַרבייטס־לוין. אין נאַצי־לאַנד איז פאַרקערט: ס'איז געזעצליך באַשטימט געוואָרען דער מינימום אַרבייטס־צייט און דער מאַקסימום אַרבייטס־לוין. אויב אַן אַרבייטסגעבער פאַרלעצט די דאָזיגע פאַראָרדנונג, ד. ה., אויב ער לאָזט זיינע אַרבייטער אַרבייטען ווייניגער ווי די פאַראָרדנונג פאָדערט אָדער אויב ער צאָלט זיי אַ העכערען לוין ווי ס'איז ערלויבט, לויט דער פאַראָרדנונג, ווערט דער אַרבייטסגעבער שטרענג באַשטראָפט. און עס דאַרף נישט ערשט געזאָגט ווערען, אַז די נאַצישע אַרבייטסגעבער וועלען מיט פאַרגעניגען אָפּהיטען די געזעצליכע פאַראָרדנונג...

ס'איז שווער צו גלויבען, אַז די דייטשע אַרבייטערשאַפט זאָל לאַנג קענען אַריבערטראָגען דעם דאָזיגען גהינום.

גרויסער וואוקס פון דער האָלענדישער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג

לויט'ן באַריכט, וואָס ס'האָט איצט אַרויסגעגעבען דער האָלענדישער טרייד־יוניאָן־צענטער האַלט די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע אין אָט דעם לאַנד אין איין וואַקסען. דעם 1טען יאַנואַר 1939 האָט די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין האָלאַנד באַטראָפען אַריבער 302 טויזענט. דעם וואוקס פון דער באַוועגונג באַלויכטען די פאָלגענדע ציפערען: אין יאָר 1916 זיינען געווען אָרגאַניזירטע מיטגלידער 103 טויזענט, אין יאָר 1926 — 192 טויזענט, אין יאָר 1936 — 287 טויזענט, איצטער, ווי געזאָגט — אַריבער 302 טויזענט. אין משך פון 23 יאָר האָט זיך די באַוועגונג כמעט פאַרדרייפאַכט.

אין לעצטען יאָר זיינען פאָרגעקומען 141 סטרייקען, מיט 46 מערער ווי אין יאָר 1937, אָבער קיין שווערע קאַמפּען זיינען דאָס ניט געווען.

די באַוועגונג האַלט אויס שולען, אין וועלכע עס ווערט געגעבען דעם יונגען אַרבייטער־דור אַ ספּעציעלע אויסבילדונג פאַר אַרבייט אין דער באַוועגונג.

די צאָל אַרבייטסלאָזע אין האָלאַנד איז אַ גאַנץ באַדייטענדע. הגם רעגיסטרירט זיינען בלויז 153 טויזענט אַרבייטסלאָזע, שאַצט מען אָבער פאַקטיש זייער צאָל אויף מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל. די רעגירונג אָרדענט איין געוויסע עפענטליכע אַרבייטען פאַר די אַרבייטסלאָזע (ענליכע ווי די וו. פּ. אַ. אין אַמעריקע). איצט ווערען אויסגעאַרבייט נייע פּלענער פאַר אַרבייטען, וואָס ווערען באַטראַכט אין 3 ספּעציעלע קאָמיסיעס. די יוניאָנס זיינען פאַרטראָטען אין די דאָזיגע קאָמיסיעס דורך אייגענע דעלעגאַטען.

פּאַרלאַמענטס־וואַלען אין דער שווייץ

לעצטענס זיינען פאָרגעקומען וואַלען צום שווייצערישען פּאַרלאַמענט אין בערך צוויי דריטעל פון אַלע קאַנטאָנען (פּראָווינצען). קיין גרויסע ענדערונגען האָבען די וואַלען ניט געבראַכט. דער בלאָק פון די רעכטע פּאַרטייען האָט פאַרלוירען 2 מאַנדאַטען, די לינקע פּאַרטייען האָבען געוואונען 4 מאַנדאַטען.

די סאָציאַל דעמאָקראַטען האָבען פאַרלוירען איין מאַנדאַט, זיי זיינען אָבער געבליבען די שטאַרקסטע פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט. די קאָמוניסטען האָבען פאַרלוירען זייערע ביידע מאַנדאַטען אין פּאַרלאַמענט. דאָס לאַנד לעבט אין שטענדיגען מלחמה־שרעק, די שטימונג איז זייער אַ געדריקטע, צוליב דעם איז אויך די באַטייליגונג אין די וואַלען געווען זייער אַ שוואַכע.

זומער־פויגעלאך אין נאַצי־לאַנד

אַ פּאַריזער צייטונג גיט איבער אַן אינטערעסאַנטע פּאַסירונג פון בערלין. די געשיכטע האָט זיך געטראָפען מיט דריי חדשים צוריק, אָבער ס'איז אַן אמת'ע פּאַסירונג און זי פאַרדינט מען זאָל איר איבערדערציילען:

דער נאַצישער אַרבייטס־מיניסטער, דר. לעי, האָט זיך אויפגעבויט אַ פּרעכטיקע ווילע, אין ווערט לכל הפחות פון הונדערט טויזענט מאַרק. דער חנוכת הבית איז אויסגעפאַלען גראָד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, אָבער עס מאַכט נישט אויס, מען האָט זיך גאַנץ גוט משמח געווען.

אין דערפרי האָט מען געפונען אויף דער טיר פון דער ווילע צוגעטשעפּעט אַ פּאַפּיר וואָס איז אויסגעשניטען געווען אין דער פאָרמע פון אַ זומער־פויגעלע, מיט דעם פאָלגענדיגען „פּאָעטישען ספרוך":

„קומט צופליען אַ זומער־פויגעלע און פרעגט, אוי ווי, וואו האָסטו גענומען הונדערטטויזנט, דר. לעי ? !"

דעם צווייטען טאָג שטעלט אַריין דער מיניסטער אַן אַדווערטייזמענט אין אַ צייטונג: „טויזענט מאַרק באַלוינונג פאַר דעם, וואָס וועט אויסגעפינען דעם פּאַסקודניאַק, וועלכער האָט פאַרשמוצט די טיר פון מיין ווילע".

צומאָרגענס האָבען הונדערטער פאַרבייגייער באַוואונדערט אַ צווייטען „פּאָעטישען" זומער־פויגעלע אויף דער טיר פון דר. לעיס ווילע:

„מוחל דעם טויזנטער, איך גיב דיר צוויי,
זאָג נאָר, וואו גענומען דיהאָסט סיגעלט, דר. לעי ? "

# גענעראַל עקזעקוטיווע גיט 5,000 דאָלער שטיצע פאַר פינלאַנד.

די גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד פון דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן האָט באַשלאָסען צו שטיצען די מלחמה־קרבנות פון פינלאַנד מיט פינף טויזענט דאָלאַר.

די סומע איז צעטיילט געוואָרען גלייך צווישען די צוויי אָרגאַניזאַציעס וואָס גיבען זיך אָפּ מיט זאַמלען הילף פאַר פינלאַנד. צוויי טשעקס צו 2,500 דאָלאַר יעדער איז אָוועקגעשיקט געוואָרען צו מעיאָר לאַגוואַרדיאַ, טשערמאַן פון פינישען הילפס פאָנד און צו גענעראַל ראָבערט סי. לעיווּיס, אויספיר דירעקטאָר פון אַמעריקאַנער רויטען קרייץ.

איבערשיקענדיג די טשעקס האָט די גענעראַל עקזעקוטיוו אַרויסגעגעבען די פאָלגענדע ערקלערונג:

„אונזער גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד, ביי איר מיטינג וואָס זי האָט היינט אָפּגעהאַלטען, האָט באַשלאָסען בייצושטייערען 5,000 דאָלאַר פאַר הילף צו פינלאַנד. זייענדיג באַקאַנט מיט דעם פאַקט, אַז עס זיינען דאָ צוויי אָנערקענטע אָרגאַניזאַציעס וואָס אַרבייטען אויף דעם געביט, יעדע פון וועלכע דינט אַ ספּעציעלען צוועק, האָט די גענעראַל באָאַרד באַשלאָסען צו פאַנאַנדערטיילען די סומע. איין העלפט פאַרן אַמעריקאַנער רויטען קרייץ פאַר הילף אין פינלאַנד און די צווייטע העלפט צו דער ספּעציעלער קאָמיטע צו העלפען פינלאַנד פון וועלכע מעיאָר לאַגוואַרדיאַ איז טשערמאַן פאַר דער ניו יאָרקער אָפּטיילונג".

# נייעס און פאסירונגען אין אונזער אינטערנעשאנעל

## פריינד און שונאים גיבען זיך אפ מיט אונזער אינטערנעשאנאל


ונזער אינטערנעשאנאל און אירע אפטיילונגען האבען זיך שטארק אנגעזען אין דער פרעסע און אין וואשינגטאן דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט. ניט אלץ וואס איז דערמאנט געווארען וועגען דער אינטערנעשאנאל איז געווען צו איר גונסטען, געווען אויך א פאר פאלען וואו מען האט פרובירט פארלוימדען די אינטערנעשאנאל. פרעזידענט דובינסקי איז אין דעם פאל נאטירליך ניט שולדיג געבליבען קיין ענטפער. ער האט שנעל אנגעוויזען דעם קוואל און די צילען פון דער אטאקע. אבער לויב צי טאדעל, דער פאקט אליין וואס וויכטיגע צייטונגען און רעגירונגס קאמיטעס געפינען פאר נויטיג אפצוגעבען א סך פלאץ דער אינטערנעשאנאל, באווייזט דעם וואוקס פון איר מאכט און איינפלוס. עס באווייזט אז פריינד און שונאים מוזען זיך מיט איר רעכענען. בלויז מיט עטליכע יאר צוריק, ווען אונזער יוניאן איז געווען קליין אין דער צאל מיטגלידער און איר איינפלוס אין טרייד האט זיך ניט שטארק געפילט, האבען די צייט־שריפטען און רעגירונגס אינסטיטוציעס זיך מיט איר ניט גערעכענט און זעלטען געפונען פאר נויטיג צו דערמאנען איר צו גוטען אדער צום שלעכטען.

אן אנפאל אויף דער אינטערנעשאנאל איז דעם מאנאט געמאכט געווארען ביים פארהער פאר דער קאנגרעס קאמיטע אונטערצוזוכען די נעשאנאל לייבאר רילײשאנס באארד אונטער דעם פארזיץ פון קאנגרעסמאן סמיטה. דעם ערשטען טאג וואס די פארהערען פאר דער קאמיטע האבען זיך אנגעהויבען אין וואשינגטאן, האט דער לאיער פון דער קאמיטע אריינגעגעבען אין רעקארד א געשפרעך וואס פרעזידענט דובינסקי זאל האבען געהאט אויפ'ן טעלעפאן מיטט'ן סעקרעטאר פון דער לייבאר באארד נייטהען וויט. לויט דעם מעמאראנדום זאל דובינסקי האבען געזאגט דעם סעקרעטאר אויפ'ן טעלעפאן אין פארבינדונג מיט דער אנטשיידונג פון דער לייבאר באארד וועגען דער אלפענא גארמענט קאמפאני קייס, „ניט פאר דעם האבען מיר געצאלט געלט". די אויסטייטשונג וואס די קאמיטע האט עס פרובירט געבען איז, אז די אינטערנעשאנאל האט מסתמא געגעבען געלט אימיצען אין דער לייבאר באארד צו קריגען א גינסטיגע אנטשיידונג פאר דער יוניאן. א פאר רעפובליקאנער פארטרעטער אויף דער קאנגרעס קאמיטע האבען זיך אנגעכאפט אן דעם מעמאראנדום ווי אין א הייסען שטיין, און האבען געזוכט צו שלאגען דערפון פאליטישען קאפיטאל געגען די יוניאנס.

דער נאכ'טעם פון דער גאנצער געשיכטע ווארפט ניט קיין איבעריגס שיינע ליכט אויף דעם סעקרעטאר פון דער לייבאר באארד, נייטהען וויט, וועלכער ווערט פאררעכנט פאר א גאנצען ראדיקאל, כמעט א „כאווער" אין מאנכע קרייזען. פארשרייבען טעלעפאן געשפרעכען מיט יוניאן פירער אום צו קענען זיי נאכדעם צושטעלען צו אן אונטערזוכונג קאמיטע דערמאנט זייער שטארק אן רוסישע אדער היטלעריסטישע מעטאדען... ספעציעל נאך ווען דער אינהאלט פון די געשפרעכען ווערט געפעלשט ווי דאס איז געשען אין דעם פאל. מיט דער צייט וועט אפשר די אמת'ע ראליע פון דעם ראדיקאלען טשינאווניק אויפגעדעקט ווערען. דערווײלע אבער האט די באשולדיגונג פאראורזאכט א גאנצע סענזאציע אין דער פרעסע. פרעזידענט דובינסקי האט אבער גלייך אויפמערגען אויפגעדעקט די גאנצע געשיכטע אום וואס דאס האט זיך געהאנדעלט און די סענזאציע האט אויסגערונען.

ווי דובינסקי האט ערקלערט האט זיך עס געהאנדעלט וועגען דעם וואס די באארד האט געביטען איר אנטשיידונג אין דעם פאל פון דער „אלפענא גארמענט קאמפאני" פון מישיגען. לויט די פארשריפטען פון דער לייבאר באארד האט די אינטערנעשאנאל צוגעשטעלט אונטערשריפטען פון אומגעפער צוויי־דריטעל פון די ארבייטער וואס ווערען באשעפטיגט אין די 5 פאבריקען פון דער פירמע אז זיי ווילען אז די אינטערנעשאנאל זאל זיי פארטרעטען אין די קאלעקטיווע פארהאנדלונגען. צו קריגען אט די גרויסע צאל אונטערשריפטען האט נאטירליך געקאסט געלט און ענערגיע פון די אינטערנעשאנאל ארגאנייזערס. לויט די פידונגען פון דער באארד ביז דעמאלט האט די אינטערנעשאנאל געדארפט אנערקענט ווערען אלס די איינציגע פארטרעטערין פון די ארבייטער. אזוי איז טאקע פארשטאנען געווארען. פלוצלונג אבער איז געקומען אן אנטשיידונג פון דער באארד, אז די צוגעשטעלטע אונטערשריפטען פון די ארבייטער איז ניט גענוג, און עס איז געפאדערט געווארען אן אפשטימונג פון אלע ארבייטער אונטער'ן אויפזיכט פון דער לייבאר באארד. דאס האט געמיינט ניט נאר צייט פארלוסט, נאר אויך אויסגאבען פון געלט און ענערגיע פאר דער יוניאן און פאר די ארבייטער. אין געשפרעך אויפ'ן טעלעפאן מיט'ן סעקרעטאר פון דער לייבאר באארד האט דובינסקי פראטעסטירט געגען דעם נייעם ארדער און האט זיך אויסגעדריקט, „נישט אויף דעם האבען מיר אויסגעגעבען געלט און ענערגיע בלויז צו דארפען נאך אמאל דורכגיין די זעלבע פראצעדורע". אט די באמערקונג האט עס נייטהען וויט פארדרייט אין זיין מעמאראנדום און געשאפען דעם איינדרוק אז די אינטערנעשאנאל האט באגאנגען ווער ווייס וואס פאר א זינד.

דער. פאל מיט דער סמיטה קאמיטע איז אבער אן אויסנאם. די מערסטע פרעסע קאמענטארען וועגען דער אינטערנעשאנאל זיינען דוקא פול מיט לויב און באוואונדערונג פאר דער אינטערנעשאנאל און אירע דערגרייכונגען. אזוי, צום ביישפיל, האט דער בילדער זשורנאל „לוק" וועלכער פארקויפט זיך אין אנדערטהאלבען מיליאן קאפיעס איבער'ן לאנד, אין זיין לעצטער אויסגאבע אן ארטיקעל איבער דער נויטיגקייט און די מעגליכקייטען פאר שלום אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. דער ארטיקעל, געשריבען פון באוואוסטען זשורנאליסט סטענלי היי, איז רייך אילוסטרירט מיט בילדער און פארנעמט פיר זייטען פון זשורנאל. איז אין דעם ארטיקעל גיט דער שרייבער אפ כמעט א העלפט פון פלאץ דער אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן און דער ראליע וואס פרעזידענט דובינסקי האט געשפילט ביים גרינדען די סי. אי. א. און זיינע באמיהונגען צו ווידער פאראייניגען די אמעריקאנער טרייד יוניאן באוועגונג. דער שרייבער ווייזט אן, אז דובינסקי איז דער פאסיגסטער מענש צוזאמענצוברענגען ביידע צדדים און עס וועט אים מעגליך איבערגעגעבען ווערען די ארבייט צו שאפען שלום צווישען דער אמעריקען פעדערײשאהן אוו לייבאר און דער סי. אי. א.

ארטיקלען פול מיט לויב־געזאנגען און באגייסטערונג פאר דער אינטערנעשאנאל איז דעם מאנאט אויך דערשינען אין א גאנצער רייע ארבייטער צייטונגען און זשורנאלען איבער'ן גאנצען לאנד אין פארבינדונג מיט דער ביישטייערונג פון די 235 טויזענט דאלאר וואס די אינטערנעשאנאל האט פארטיילט צווישען פארשידענע ארגאניזאציעס צו העלפען די פליכטלינגע. כמעט אלע יוניאן צייט־שריפטען האבען אנגעוויזען אויף דעם אין עדיטאריעלס אלס באווייז פון דעם אידעאליזם און ברייטהארציגקייט פון די ארגאניזירטע ארבייטער און זייערע יוניאנס. מיר דרוקען דא איבער דעם עדיטאריעל פון „לייבאר קלעריאן" אפיציעלער ארגאן פון סאן פראנציסקא לייבאר קאונסיל פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר, אלס טיפישען אפרוף פון דער ארבייטער פרעסע אויף דער האנדלונג.

דער עדיטאריעל אין „לייבאר קלעריאן" פון פרייטאג דעם ערשטען דעצעמבער זאגט:

„עס איז ווערט צו באטראכטען דאס ביישטייערען פון 225,000 דאלאר צו העלפען די פליכטלינגע, דורך דער אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן.

„עס וועלען מעגליך זיין אזוינע וואס וועלען זאגען אז דאס איז בלויז א פאל וואו אידען העלפען ארויס זייערע רעליגיאנס ברידער. אבער דאס איז דורכאויס ניט דער פאל. באמערקט, אז די גרעסטע סומע איז געגעבען געווארען צו דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע וועלכע איז די הויפט הילפס ארגאניזאציע אין צענטראל איראפע, איר הילפס ארבייט איז צעטיילט צווישען די פליכטלינגע אין דייטשלאנד, עסטרייך און פוילען, אזוי גוט ווי אנדערע פלעצער אין יענעם געגענט. די אנדערע קרבנות פאר וועמען דאס געלט איז געגעבען געווארען זיינען: פאר די קאטוילישע פליכטלינגע פון דייטשלאנד — 15,000 דאלאר; פאר איטאליענישע פליכטלינגע — 15,000 דאלאר; פאר דעם אידישען ארבייטער קאמיטעט — 20,000 דאלאר; פאר'ן אמעריקאנער רויטען קרייז (פוילישע פליכטלינגע) 10,000 דאלאר; פאר די טרייד־יוניאן פליכטלינגע און פארטריבענע — 10,000 דאלאר, און אנדערע.

„דאס איז א טייל פון דעם ענטפער פון די אמעריקאנער ארבייטער צו די דייטשע און איטאליענישע יוניאן ברעכערישע פראגראמען. אזוינע מתנות וואלטען געווען אוממעגליך אין וועלכער עס איז פון די לענדער, הויפטזאכליך דערפאר, וואס פרייע יוניאנס זיינען אפגעשאפט געווארען אין די לענדער.

„די אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן האט פילע און גרויסע דערגרייכונגען צו איר קרעדיט, אבער קיינע פון זיי איז ניט גרעסער פון אט דער ברייטהארציגער פרייגעביגקייט צו די ארבייטער וועלכע ליידען אין אנדערע לענדער צוליב זייער געטריישאפט צו די אידעאלען פון פרייהייט און דעמאקראטישער זעלבסט־רעגירונג.

„דאס זיינען ניט קיין ביישטייערונגען געמאכט פון רחבות'דיגע איינקונפטען. דאס קומט פון דיימס פון נאדעל ארבייטער וועלכע שעצען דעמאקראטיע און די אינסטיטוציעס פון א פריי לאנד, ווייל זיי האבען אליין דורכגעבראכען דעם וועג פאר זיך פון דעם אפגרונט אין וועלכען עס זיינען פריער געווען פארזונקען די ארבייטער פון זייער פאך. זיי ווייסען דעם ווערט, די קאסטען און מעגליכקייטען פאר דער צוקונפט פון דעמאקראטישע האנדלונגען. און וויסענדיג די זאכען, ווילען זיי עס ווייטער אויפהאלטען און עס איבערגעבען צו אנדערע".

## נעבורטס־וויהען פאר עלעקשאנס

די וואלען פאר דעלעגאטען צו דער קומענדער קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל און אין פילע לאקאלס אויך פאר לאקאלע באאמטע און עקזעקוטיוו מיטגלידער וועלען געהאלטען ווערען אין דער צווייטער העלפט פון חודש מארטש. לויט. דער אינטערנעשאנאל קאנסטיטוציע ווערען גרופען אין די יוניאנס ערלויבט דריי מאנאטען פאר עלעקשאנס. די גרופען, נאטירליך, וועלכע האבען זיך קוים דערווארט פאר דער צייט ווען זיי וועלען קענען אנהויבען פונקציאנירען אין דער עפענטליכקייט, האבען זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט און אין די מערסטע לאקאלס האבען זיך שוין דעם מאנאט אנגעהויבען די „געבורטס־וויהען".

אין די מערסטע לאקאלס איז קיין נייעס נ"ט געשען. עס זיינען אויפגעשטאנען תחית המתים די אלטע גרופען. אפילו די פראגראמען זייערע זיינען כמעט אויך די זעלבע ווי געווען נאר אביסעל איבערגעפארבט זיך אריינצופאסען אין די נייע אומשטענדען. די אדמיניסטראציע גרופען, ווייזען אן אויף דער אפגעטאנענער ארבייט און אויף די שווערע אומשטענדען וואס האבען ניט דערלאזען מער דערגרייכען. די אפאזיציע גרופען קריטיקירען די אדמיניסטראציעס און צייכענען אן פראגראמען וואס לויט זייער מיינונג עס האט געדארפט געטאן ווערען און ווערט ניט געטאן. פארלויפיג איז עס בלויז אן אנהויב. לאמיר האפען אז דורך דער קריטיק און דיסקוסיע וועט באמת ארויסגעבראכט ווערען וויכטיגע און ווערטפולע פארשלאגען ווי אזוי צו לעזען די שווערע פראבלעמען וואס זיינען דא אין אונזער אינדוסטרי.

אין איין לאקאל בלויז האט שוין אט די אויפגעלעבטע גרופען טעטיגקייט געבראכט וויכטיגע רעזולטאטען. דאס איז אין דער דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22.

ווי באוואוסט איז אין דעם לאקאל ביז איצט געווען א פאראייניגטע פראנט אדמיניסטראציע. מענטשען פון די פארשיידענע פאליטישע ריכטונגען, איינגעשלאסען די קאמוניסטען האבען צוזאמען געארבייט אין דער אדמיניסטראציע און אלץ איז געווען גוט און וואויל.

צוליב דער געענדערטער סטאליניסטישער ליניע, זיינען אבער די קאמוניסטען אין לאקאל 22 געשטעלט געווארען אין א מאדנער לאגע. זיי זיינען געווען ביז

איצט אין דער אדמיניסטראציע; זיי האבן געגעבן זייער צושטימונג צו דעם וואס די יוניאן האט געטאן. פלוצלונג אבער איז געקומען דער באפעל פון אויבן „אויס מיטן פאראייניגטען פראנט מיט די טריפה לאוססטאניסטען און סאציאל־פאשיסטען!". די פארטיי האט פארלאנגט אז אירע אנהענגער זאלען ארויסטרעטען אין די קומענדע וואלען אין אפאזיציע צו דער פירערשאפט פון דער יוניאן און זי ארונטעררייסען. צום קרעדיט פון די פירער פון דער קאמוניסטישער גרופע אין לאקאל 22 דארף געזאגט ווערען אז זיי האבן דאס מאל רעבעלירט קעגען דעם באפעל פון די פארטיי קאמיסארען און זיך אנטזאגט אנצוהויבען א נייעם ברודער־קריג אין דער יוניאן.

דער רעזולטאט איז געווען, אז אין איין שיינעם פרימארגען איז די „פרייהייט" ארויסגעקומען מיט דער נייעס, אז בען גארזשאי און ליפניאק זיינען אויסגעשלאסען געווארען פון דער פארטיי. דערצו נאך האט מען זיי שוין איינגעטיילט א פארציע פון די געוויינליכע קאמפלימענטען וועלכע די קאמוניסטען האלטען אנגעגרייט פאר די אבטריניגע. מען האט דערציילט אז זיי זיינען „דעזערטירער", „רעד בעיטערישע אגענטען פון באסעס און פון דער דאיעז־קאמיטע" און נאך אזוינע עפיטעטען. וואלט דאס אלץ ניט געמאכט קיין גרויסען רושם. זיינען דאך שוין די קאמוניסטען געוואוינט די לעצטע צייט צו אזוינע אויסשליסונגען און רעזיגנאציעס. ספעציעל זינט דעם סטאליך־היטלער אפמאך און דעם איבערפאל אויף פוילען, די באלטישע לענדער און פינלאנד, האבן גאר א גרויסע צאל פירער און רענק און פיילער זיך אפגעטרייסעלט פון דער קאמוניסטישער פארטיי און די זלזולים וואס די פארטיי האט זיי נאכגעווארפען זיינען שוין כמעט „סטעראטיפנע". לצים זאגען גאר אז אט די מעלדונגען ליגען פארטיג אויפגעזעצטע אין די קאמוניסטישע רעדאקציעס אום צו פארשפארען די געלט פאר זעצען די שריפט... אלץ וואס איז נויטיג, איז בייטען יעדען טאג די נעמען פון די קאנדידאטען...

לײדער האבן א צאל אנדערע פירער פון דער קאמוניסטישער גרופע ווען די פארטיי האט נאך קיין צייט ניט געהאט אויסצושליסען, זיך אליין צוריקגעצויגען און אלע צוזאמען, זיבען פון זיי האבן פארעפענטליכט אן ערקלערונג אין וועלכער זיי זאגען אויס פון חדר. לויט זייער ערקלערונג, איז די אורזאכען פון דער אויסשליסונג פון די צוויי און די רעזיגנאציע פון די איבעריגע, ניט א רעזולטאט פון דער נייער פאליטישער ליניע פון דער פארטיי מיט וועלכער זיי קענען ניט איינשטימען, נאר צוליב דער געענדערטער טאקטיק וואס זיי האבן אנגענומען אין באצוג צו די יוניאנס. עס זאל הייסען אז זיי האבן זיך איבערצייגט, אז די פארטיי וויל אונטערווארפען די יוניאנס צו אירע פאליטישע אינטערעסען און זי רעכענט זיך כלל ניט מיט די נויטען און אינטערעסען פון די ארבייטער אין טרייד.

ווי אזוי עס איז מעגליך געווען פאר מענטשען וואס זיינען פארבונדען מיט דער קאמוניסטישער באוועגונג אזוי פיל יארען ערשט איצט אויסצוגעפינען דעם פאקט וואס אפילו קינדער אין די וויגען האבן געוואוסט פון אנהויב אן, איז אפילו ניט אזוי פארשטענדליך. אבער ווי זאגט מען? „בעסער שפעטער אידער קיינמאל ניט". גוט איז וואס כאטש איצט האבן זיי זיך געכאפט אויף דער ברעכערישער ראליע פון דער פארטיי אין די יוניאנס און האבן געהאט גענוג מוט זיך אפצוטרייסלען דערפון.

פאר דער דרעסמאכער יוניאן און פאר דער אינטערנעשאנאל איז די פאסירונג ווי געוואונשען. צום ערשטען מאל דורך די לעצטע יארען, האבן די ארבייטער די געלעגענהייט צו הערען פון אינעווייניגסטע מענטשען וועגען דעם מעכאניזם און פאליטישען קאנטראל וואס די קאמוניסטישע פארטיי האט געזוכט אויסצואיבען אויף די יוניאנס דורך אירע פאראייניגטע פראנטען. דער ארויסטריט פון די וואס זיינען נאך אלץ פארבליבען מיט דער קאמוניסטישער פארטיי געגען דער דרעסמאכער יוניאן און איר פירערשאפט, וועט בלויז ענגער צעמענטירען די ארבייטער־רייהען אין דער יוניאן און דער לעצטער שטיקעל איינפלוס וואס זיי האבן נאך געהאט וועט איינטריקענען. מען האט עס געקענט זען ביים באנקעט פון דער פראגרעסיווער גרופע וואס איז געגעבען געווארען צו איר באנייאונג. איבער טויזענט מיטגלידער זיינען אנוועזענד געווען ביים באנקעט און ענטוזיאסטיש זיך אונטערגענומען צו העלפען דער יוניאן. עטלעכע הונדערט מיטגלידער האט מען געמוזט אפזאגען בילעטען צום באנקעט ווייל עס איז קיין פלאץ ניט געווען.

# קלאוק דזשאינט באארד וויקעלט פאנאנדער אן ענערגישע טעטיגקייט

די ניו יארקער קלאוק דזשאינט באארד, אונטער דער פירערשאפט פון וויס פרעזידענט ישראל פיינבערג און מיט דער פולער קאאפעראציע פון אלע לאקאלס, האבען דעם מאנאט פאנאנדערגעוויקעלט אן ענערגישע טעטיגקייט אריינצוברענגען ארדנונג און קאנטראל אין טרייד. די פראגראם וואס גענעראל מענעדזשער פיינבערג האט רעקאמענדירט און וועלכע איז גוט געהייסען געווארען פון אלע לאקאלס, האט דורך דעם מאנאט אנגענומען קאנקרעטע פארמען אויף דריי הויפט ליניעס.

אין דער פראגע פון דער ביליגער לאין ארבייט, האט די יוניאן זיך גענומען פולשטענדיג דורכפירען איר פראגראם וואס מיר האבן שוין איבערגעגעבן אין פריערדיגען נומער „גערעכטיגקייט". די מאנופעקטשורערס און דזשאבערס פון דער לאין קלאוקס ביז $6.75 זיינען אינפארמירט געווארען פון דער יוניאן אז זיי וועלען דארפען מאכען די אראנדזשמענטס צו געבען א יושרדיגען פראצענט פון זייער ארבייט אין ניו יארקער שעפער, און איינלייגען געלט אין דער יוניאן צו פארזיכערען אז זיי וועלען נאכקומען די פארפליכטונגען. אין פארבינדונג דערמיט, האט פיינבערג געהאט א מיטינג מיט די באאמטע פון דער דזשאינט באארד און זיי זיינען באפוילען געווארען ניט צו ערלויבען מאכען קיין ספרינג ארבייט אויף דער ביליגער לאין ביז דער מאנופעקטשורער וועט נאכקומען די באדינגונגען פון דער יוניאן. דאס מיינט, אז מען וועט ניט סעטלען קיין פרייזען אויף דער לאין ארבייט ביז זיי וועלען זיך פארפליכטען צו געבען אין ניו יארק דעם געהעריגען פראצענט ארבייט. לויט פיינבערג׳ס ערקלערונג, ערווארטעט מען אז דורך דער אקציע זאל א באדייטענדע צאל קאנטראקטארס וואס זיינען ביז איצט ניט געווען דעזיגנירט פון קיין דזשאבער, קריגען ארבייט און א גרויסע צאל קלאוקמאכער זאל דורך דעם קריגען באשעפטיגונג.

אין באצוג צו די מעניש סטייל סוטס, האט די דזשאינט באארד פרובירט קאנפערירען מיט די בעלי בתים און קומען צו א באשטימטער פארשטענדיגונג אין באצוג צו פרייזען און באדינגונגען. די בעלי בתים האבען אבער גאר קיין חשק ניט ארויסגעוויזען אויפצוגעבען זייער איצטיגע פאזיציע פון אומפאראנטווארטליכקייט. די קאנפערענצען זיינען אפגעבראכען געווארען און די יוניאן איז אנטשלאסען דורכצופירען איר פראגראם אין דער לאין ארבייט. אויב אפילו עס זאל נויטיג זיין א קאמף אום דאס צו דערגרייכען.

פון באזונדערער וויכטיגקייט פאר די קלאוקמאכער איז די פראגראם וואס די יוניאן האט אויסגעארבייט צו רעארגאניזירען דעם קלאוק טרייד אין דער ברוקלינער טעריטאריע. כדי צו קענען איין מאל פאר אלע מאל רעארגאניזירען די שעפער און קריגען דארט פולשטענדיגען יוניאן קאנטראל און באדינגונגען פאר די ארבייטער, האט די יוניאן באשלאסען צו רופען אן אלגעמיינעם סטאפעדזש אין אלע ברוקלינער שעפער אין אנהויב פון ספרינג סעזאן, ארום מיטען יאנואר. ברוקלין איז שוין יארען לאנג איינע פון די אנגעווייטאגסטע פראבלעמען פאר די ניו יארקער קלאוקמאכער. פילע פארזוכען זיינען געמאכט געווארען אין דער פארגאנגענהייט איינצושטעלען יוניאן בדינגונגען אין די דארטיגע שעפער, אבער ביז איצט איז עס קיין מאל ניט געלונגען. איצט איז אבער די יוניאן אנטשלאסען דורכצופירען די ארבייט. אין די נעקסטע פאר וואכען ווערט געפלאנט אן ענערגישע אויפקלערונגס ארבייט צווישען די יוניאן מיטגלידער אין דער טעריטאריע. עס וועט גערופען ווערען א גרויסער מאס־מיטינג פון די איטאליענישע ארבייטער וואס זיינען אין דער גרויסער מאיאריטעט אין יענע שעפער. די יוניאן וועט זיי באקענען מיט דער וויכטיגקייט פאר זיי אליין און פאר די קלאוקמאכער אין אלגעמיין איינצושטעלען יוניאן באדינגונגען און פעסטען קאנטראל אין זייערע שעפער און קריגען זייער פולע קאאפעראציע.

דער פלאן פאר דער רעארגאניזאציע אין ברוקלין איז אויסגעארבייט געווארען פון א ספעציעלער קאמיטע פון די לאקאל מענעדזשערס בענדזשאמין קאפלאן פון לאקאל 117, איזידאר סארקין פון לאקאל 9 און אנטאני קאמונאלע פון לאקאל 48 נאך א גרינטליכער אונטערזוכונג פון דער לאגע אין די דארטיגע שעפער.

# קלאוק אפערייטארס לאקאל 117 הייסט גוט אפשאפונג פון „צענטראלען קאנטראל"

אלס ביי־פראדוקט פון דער אונטערזוכונג וואס די קאמיטע האט געמאכט וועגען די באדינגונגען אין די ברוקלינער קלאוק־שעפער איז פון דער קאמיטע רעקאמענדירט געווארען, אז דער צענטראליזירטער קאנטראל פון די שעפער, וואס די קלאוק דזשאינט באארד האט אנגענומען מיט איניגע מאנאטען צוריק אויף דער רעקאמענדאציע פון י. בארוכאוויץ, ווען ער איז־געווען דער פארוואלטער פון ברוקלינער אפיס, זאל אפגעשאפט ווערען. דער פלאן, אין קורצען, איז באשטאנען אין דעם, וואס אנשטאט יעדער ביזנעס אגענט זאל קאנטראלירען א דיסטריקט לויט דעם פלאץ וואו די שעפער געפינען זיך, ווי עס איז פריער געווען, זאל יעדער ביזנעס אגענט קאנטראלירען אלע שעפער וואס ארבייטען פאר איין דזשאבער אדער מאנופעקטשורער אין וועלכען געגענט פון שטאט אדער אויסען שטאט די שעפער זאלען זיך ניט געפינען. טעארעטיש האט עס געהייסען, אז ווי באלד איין ביזנעס אגענט וועט קאנטראלירען אלע שעפער פון דעם זעלבען מאנופעקטשורער, די אינסייד און קאנטראקטינג שעפער, וועט ער קענען אויפפאסען אז זיי זאלען אלע קריגען דעם זעלבען פרייז און די ארבייט זאל גלייך געטיילט ווערען. פאקטיש האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז איבער דער צעווארפענער טעריטאריע וואס יעדער ביזנעס אגענט האט געמוזט דעקען, זיינען די שעפער פארנאכלעסיגט געווארען און דער יוניאן קאנטראל איז אפגעשוואכט אנשטאט פארשטארקט געווארען. די לאגע וואס די קאמיטע האט געפונען אין די ברוקלינער שעפער דורך איר אונטערזוכונג האט דאס פולקאם באשטעטיגט. די קאמיטע האט דעריבער רעקאמענדירט אז אט דער סארט קאנטראל זאל אפגעשאפט ווערען און עס זאל ווידער איינגעשטעלט ווערען די דיסטריקטען. די דזשאינט באארד האט די רעקאמענדאציע גוט געהייסען.

ווען די רעקאמענדאציע איז געבראכט געווארען צום מיטינג פון די קלאוק אפערייטארס האט בענדזשאמין קאפלאן ניט געמאכט קיין באזונדער אישו וועגען דעם צענטראליזאציע פלאן. ער האט בלויז גערעדט וועגען דער לאגע אין ברוקלין און ווי נויטיג עס איז איינצושטעלען יוניאן קאנטראל אין יענע שעפער. ער האט געשילדערט א טרויעריג בילד פון דער לאגע דארטען און ערקלערט, אז נאכדעם ווי ברוקלין וועט רעארגאניזירט ווערען, וועט מען מוזען דארט ווידער איינשטעלען אן אפיס מיט באשטענדיגע באאמטע וועלכע זאלען אפגעבען זייער גאנצע צייט דער ברוקלינער טעריטאריע. בארוכאוויץ אבער האט פרובירט פארטיידיגען זיין „גייסטיג קינד" דעם צענטראליזירטען קאנטראל און גע׳טענה׳ט אז מען האט דעם פלאן ניט גענוג לאנג אויסגעפרובירט. בענדזשאמין קאפלאן אין זיין ענטפער, האט אבער אנגעוויזען מיט פאקטען און ציפערען, אז זינט דער פלאן איז איינגעפירט געווארען, איז די לאגע דארט געווארען פיל ערגער, אז מער ארבייט ווערט איצט ארויסגעשיקט נאך ברוקלין ווי ווען עס איז פריער. דער מיטינג האט מיט א גרויסער מאיאריטעט גוטגעהייסען די רעקאמענדאציע וואס זייער מענעדזשער האט געבראכט.

# קלאוק אפערייטארס אנטשלאסען דורכצופירען פונקט וועגען 14 מאשינען צו באזעצען ארבייטלאזע אפערייטארס.

די קלאוק אפערייטארס יוניאן האט אויך אונטערגענומען א גענויע אונטערזוכונג פון אלע שעפער אויסצוגעפינען וויפיל מאשינען זיי האבן און וויפיל אפערייטארס דארט ווערען באשעפטיגט. די פירערשאפט פון לאקאל 117 איז אנטשלאסען שטרענג דורכצופירען דעם פונקט פון אגרימענט וואס שרייבט פאר אז יעדער קלאוק שאפ מוז האבען ווייניגסטענס 14 מאשינען. דורך דעם פונקט האפט די יוניאן צו קענען באזעצען א באדייטענדע צאל ארבייטסלאזע אפערייטארס אויף פלעצער צום קומענדען סעזאן.

# דרעס דזשאינט באארד נעמט זיך ווידער צו די ניט־יוניאן דזשאבערס

דער קאמפיין געגען די ניט־יוניאן דזשאבערס אין דרעס טרייד, וועלכער איז פאר א צייט אפגעשטעלט געווארען ביים סוף לעצטען סעזאן, ווייל עס איז ניט געווען קיין ארבייט אין די שעפער, איז דעם מאנאט באנייט געווארען מיט דער גאנצער ענערגיע וואס דער ארגאניזאציאנס דעפארטמענט אונטער דער פירערשאפט פון ברודער מעקס בליוסטיין באזיצט. אנגעהויבען דעם קאמפיין האט מען באשידען, מיט בלויז עטליכע דזשאבערס וועלכע האבען אנגעהויבען ארבייטען אויף די ספרינג סטיילס. מיט דער אנטוויקלונג פון סעזאן, וועט דער קאמפיין אויסגעברייטערט ווערען.

לויט דער ערקלערונג פון טשארלס זימערמאן, עקטינג גענעראל מענעדזשער פון דער דרעס דזשאינט באארד אין האכמאנ'ס אבוועזענהייט, זיינען ביז איצט ערקלערט געווארען אין סטרייק 9 ניט־יוניאן דזשאבערס. זיי זיינען: לעידי יוטה דרעס, פון 463 זיבעטע עוועניו; עללעי דרעס, פון 260 וועסט 35טע סטריט; מאקסאן דרעס, 240 וועסט 35טע סטריט; שוירלי פראקס, לעאנארא דרעס,, סנעפי פראקס און רוני דרעס, אלע פון 248 וועסט 37טע סטריט, און נאך צוויי. די סטרייקס גייען אן ווי געהעריג איז. מער סטרייקס ווערען ערווארטעט אין די נעקסטע פאר וואכען.

## אומגעדולדיגע ניו־דזשוירזי באסעס קריגען פאסיגען ענטפער.

אין די בעלי בית'ישע קרייזען האט זיך לעצטענס געמערקט א טענדענץ צו שאפען שטימונג געגען דער יוניאן און געגען יוניאן באדינגונגען אין טרייד. א היבשע ביסעל פיילען ווערען לעצטענס געשאסען הויפטזאכליך געגען באגרעניצונג פון קאנטראקטארס און יוניאן קאנטראל. דעם מאנאט זיינען ארויסגעקומען מיט אן אטאקע די ניו דזשוירזי קאנטראקטארס און מאנופעקטשורערס. ביי א קאנפערענץ וואס זיי האבען געהאלטען האבען זייערע פירער. פאקטיש געגעבען אן אולטימאטום דער יוניאן, אז אויב זי וועט אין אכט וואכען צייט ניט טאן עפעס אפצושאפען די קאנקורענץ פון אנדערע שעפער אין דער ביליגער ליין דרעסעס וועלען זיי „נעמען די לאגע אין זייערע אייגענע הענט".

אט די אומגעדולדיגע בעלי בתים האבען אבער לאנג ניט געדארפט ווארטען אויף א פאסיגען ענטפער פון דער יוניאן. עקטינג מענעדזשער זימערמאן האט אין א סטייטמענט געענטפערט אז „מיט דעם געשריי פרובירען די פירער פון דער אסאסיאיישאן בלויז פארדעקען זייער אייגענעם מאנגעל אין קאנסטרוקטיווע מיטלען ווי צו העלפען דער אינדוסטריע". זימערמאן האט זיי דערמאנט, אז אין די יארען צווישען 1930 און 1932, ווען די דרעס יוניאן איז געווען שוואך, איז די האלז שניידענדע קאנקורענץ צווישען די בעלי בתים אין דער דרעס אינדוסטריע געווען שארפער און רואינירענדער ווי ווען עס איז פריער אדער נאכדעם. אז דער איינציגער סטאביליזירענדער פאקטאר אין דער אינדוסטריע, איז די יוניאן און די יוניאן מוז פארשווענדען האלב פון איר ענערגיע צו היטען די בעלי בתים אז זיי זאלען איינע די אנדערע ניט רואינירען דורך ארונטערגרייסען די אלגעמיינע סטאנדארדס.

רעדענדיג וועגען דעם סטראשונאק פון די בעלי בתים אז זיי וועלען נעמען די לאגע אין זייערע אייגענע הענט, האט זיי זימערמאן דערמאנט אז מאנכע בעלי בתים האבען שוין געלערענט פון ערפארונג אז זיי קענען מער אויפטאן פאר דער אינדוסטריע דורך צוזאמענארבייטען מיט דער יוניאן אויף א קאנסטרוקטיווען פראגראם,, ווי דורך נעמען די לאגע אין זייערע אייגענע הענט...

## לאקאל 22 רעגיסטרירט די ארבייטסלאזע מיטגלידער.

לויט א באשלוס פון דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל 22 איז דורכגעפירט געווארען א רעגיסטראציע פון ארבייטסלאזע וואס נויטיגען זיך אין שטיצע, צווישען דעם 15טען און 20טען דעצעמבער, אום צו קענען ארויסגעבען די שטיצע פאר קריסטמעס. די שטיצע ווערט אויסגעצאלט פון דעם ארבייטסלאזען הילפס פאנד, וואס די מיטגלידער פון דרעסמאכער לאקאל 22 האבען גע־שאפען דורך א טעקס פון צען פראצענט פון די שכירות פאר צוויי וואכען. די איצטיגע רעגיסטראציע איז שוין געווען די דריטע דאס יאר. צוויי רעגיסטראציעס זיינען געמאכט געווארען אין מארטש און סעפטעמבער און דער לאקאל האט אויסגעצאלט אין שטיצע צו 1,949 מיטגלידער די סומע פון 30,410 דאלאר אין סומען פון 5 ביז 50 דאלאר יעדען לויט דער נויטיגקייט.

אין גאנצען איז געזאמעלט געווארען פאר דעם פאנד דורך די עלף מאנאטען די סומע פון 101,749.72 דאלאר. 1,294 שעפער האבען בייגעשטייערט די צען פראצענט צום פאנד. פון די זיינען געווען עלף הונדערט און דרייסיג שעפער פון ניו יארק און 164 שעפער פון אוט או טאון.

## ווייסט און בלאוז מאכער יוניאן באנייט אגרימענט

די בלאוז און ווייסטמאכער יוניאן לאקאל 25 פון דער אינטערנעשאנאל האט באנייט דעם אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן פון מאנופעקטשורערס וועלכער גייט אויס דעם 31טען דעצעמבער.

די פארהאנדלונגען צווישען די פארטרעטער פון דער יוניאן מיט פארטרעטער פון די בעלי בתים איז אנגעגאנגען עטליכע וואכען. די יוניאן האט ארויסגעשטעלט א רייע פאדערונגען צווישען וועלכע עס איז געווען א העכערונג אויף די שכירות פון צען פראצענט; א העכערונג אויף די מינימומס פאר די ארבייטער פון די פארשידענע פאכען; באגרעניצונג פון דער צאל קאנטראקטארס וואס א מאנופעקטשורער מעג באשעפטיגען און אנדערע פאדערונגען. די בעלי בתים האבען אויך געפאדערט געוויסע ענדערונגען. ביי די קאנפערענצען האט מען זיך אבער געאייניגט צו באנייען דעם אגרימענט פאקטיש ווי ער איז און אויפנעמען די אלע פאדערונגען מיט דריי מאנאטען שפעטער צו פארהאנדלען. אויב די ביידע צדדים וועלען זיך דעמאלט ניט קענען איינינגען, זאל מען עס איבערגעבען צום אימפארשעל טשערמאן און זיין אנטשיידונג זאל זיין בינדענד אויף ביידע צדדים.

אויסער דעם פונקט פון קאנפערירען און ארביטריישאן פון די פאדערונגען וואס איז אריינגעשריבען געווארען אין דעם נייעם אגרימענט, איז דארט אויך אריין א פונקט, אז אין פאל דער פרייז אויף לעבענסמיטעל וועט שטייגען דורך דער געזעצליכער פארקלענערונג אין ווערט פון דאלאר אדער דורך אנדערע אורזאכען, זאל די יוניאן האבען דאס רעכט צו פאדערען א העכערונג אויף די שכירות אין מיטען טערמין פון אגרימענט.

א מאסען פארזאמלונג פון די מיטגלידער פון לאקאל איז אפגעהאלטען געווארען דינסטאג דעם 19טען דעצעמבער אין מיטען טאג. די ארבייטער האבען געווארפען די ארבייט און איבער צוויי טויזענט מיטגלידער זיינען געקומען צום מיטינג. די פירער פון לאקאל, אין אפוועזענהייט פון מענעדזשער, אינטערנעשאנאל וויים פרעזידענט טשארלס קרייינדלער וועלכער איז קראנק אין האספיטאל, האבען אדרעסירט די פארזאמלונג און זיי פארגעלייענט דעם אגרימענט. עס האבען גערעדט די טשערלידי פון לאקאל קערי פראנקא; די ביזנעס אגענטען לייבאוויץ און פאגראן און וויים פרעזידענט איזידאר נאגלער, מענעדזשער פון קאטערס לאקאל 10, וועלכער האט אנגעפירט די פארהאנדלונגען צוזאמען מיט דער קאנפערענץ קאמיטע פון דער יוניאן, האט די מעמבערס ערקלערט די פונקטען פון אגרימענט. דער מיטינג האט דאן איינשטימיג גוט געהייסען דעם אגרימענט.

דער מאס־מיטינג האט אויך געשיקט א סימפאטיע רעזאלוציע צו זייער מענעדזשער טשארלס קרייינדלער און געוואונשען ער זאל שנעל געזונט ווערען.

## לאקאל 132 ארגאניזירט פינף נייע שעפער און פארגרעסערט מיטגלידער צאל צו איבער 2,000

די נשוועלטי דזשולערי ארבייטער יוניאן לאקאל 132 פון דער אינטערנעשאנאל האט לעצטענס ארגאניזירט פינף נייע שעפער אין פלאסטיק טרעיד. די שעפער זיינען מערסטענס אין ניו יארק. דורך די נייע שעפער איז די מיטגלידערשאפט פון לאקאל שוין איבערגעשטיגען די צאל פון צוויי טויזענד ארבייטער.

ווי מארטין פעלדמאן, מענעדזשער פון לאקאל מעלדעט, האט די יוניאן איצט געעפענט א קליינעם אפיס אין ניו ראשעל, וואו דער לאקאל האט 400 מיטגלידער, וועלכע ארבייטען דארט אין איין שאפ. דער לאקאל האט אויך אונטערגענומען א טיכטיגען בילדונגס־פראגראם פאר די מיטגלידער.

## אגרימענט אין לעידים נעקווער טרייד באנייט מיט וויכטיגע פארבעסערונגען

די אפטיילונג פון לידיס נעקוועער ארבייטער פון לאקאל 142 פון דער אינטערנעשאנאל האט באנייט דעם אגרימענט מיט דער נעשאנאל ווימענס נעקוועער אסאסיאיישאן מיט וויכטיגע פארבעסערונגען פאר די ארבייטער.

דער נייער אגרימענט וועלכער איז אונטערגעשריבען פאר איין יאר אנטהאלט די פאלגענדע פארבעסערונגען:

דער מינימום סקייל פאר האנט־נייער, געווידזש ראנערס, טרימערס, פלאר מיידלאך, פעקערס און עקזעמינערס און טוירנערס, ווערט געהעכערט מיט פינף פראצענט. ארבייטער פון די פאכען וואס ארבייטען פון שטיק, וועלען קריגען פינף פראצענט מער אויף די ביז איצטיגע פרייזען. לערנערס טארען ניט קריגען ווייניגער ווי 14 דאלאר מיט זיבעציג סענט א וואך.

אזוי ווי אין די נעקוועער און סקארף שעפער ווערען אפט געמאכט אנדערע ארטיקלען וואו די שכירות אין אינטערנעשאנאל קאנטראלירטע שעפער איז העכער ווי אין נעקוועער טרייד, איז אריינגעשריבען געווארען א פונקט אין דעם אגרימענט אז אין פאל די ארבייטער וועלען מאכען אנדערע ארטיקלען, דארפען זייערע שכירות און ארבייטס שטונדען זיין די זעלבע ווי עס איז אין די יוניאן אגרימענטס אין די טריידס.

אין דעם אגרימענט איז אויך אריין א פונקט אז אין פאל פרייזען אויף לעבענס מיטלען וועלען שטייגען מעג די יוניאן פאדערען א העכערונג אויף די שכירות.

לאקאל 142 איז געלונגען צו ארגאניזירען דעם צווייטען גרעסטען שיפלי נעקוועער שאפ אין ניו דזשוירזי, די „קאהעלין ראוש קאמפאני" פון יוניאן סיטי.

## דזש. טהארפ דעפארטמענט סטאר סעטעלט פאר אלטערישאן ארבייטער

דער ארגאניזאציאנס דעפארטמענט פון לידיס טיילאר און אלטערייטשאן ארבייטער לאקאל 38 פון דער אינטערנעשאנאל, האט געוואונען די וואך אן אגרימענט פון דער רייכער דעפארטמענט סטאר פירמע „דזש. טהארפ אינקארפארייטעד" פון 57טע סטריט, פאר די אלטערייטשאן ארבייטער וואס די פירמע באשעפטיגט. די פירמע האט אונטערגעשריבען דעם אגרימענט נאך א סטרייק פון דריי טעג.

דזש. טהארפ איז שוין די פינפטע פירמע פון די מיליאנערסקע פינפטע עוועניו סטארס וואס האבען לעצטענס אונטערגעשריבען אגרימענטס מיט דער אינטערנעשאנאל דורך דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין וואס ווערט אנגעפירט צווישען די ארבייטער. די אלטערייטשאן הענט פון דער פירמע האבען געוואונען א קלאוזד יוניאן שאפ; א העכערונג פון צען פראצענט אויף די שכירות; זיבען באצאלטע ימים טובים א יאר; א פארקירצונג פון דער ארבייטס־צייט, און אנדערע פארבעסערונגען. דער אגרימענט וועט איינשליסען די ארבייטער פון די אנדערע דעפארטמענטס פון דער פירמע אזוי שנעל ווי א מערהייט פון זיי וועלען זיך אנשליסען אן דער יוניאן. פייגעל לעווין, וועלכע פירט אן דעם קאמפיין, איז זיכער אז גאר אין גיכען וועלען גענוג ארבייטער פון די אנדערע דעפארטמענטס זיך אנשליסען צו קריגען דעם שוץ און די באדינגונגען פון אגרימענט. די פארהאנדלונגען מיט דער פירמע האבען געפירט מ. שאר פון לאקאל 62; עלייעס ליבערמאן, דער לאיער פון דער יוניאן, און פייגעל לעווין.

# אוט־אורטאון דעפארטמענט געווינט העכערונג פאר טויזענט בראזיר ארבייטער

דער איסטערן אוט אוו טאון דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל האט באנייט דעם אגרימענט מיט דער גרויסער פירמע וואס מאכט קארסעטען און בראזיערס, די מעידען פארם" פוו בעיאן ניו דזשוירזי וואו עס ווערען באשעפטיגט איבער טויזענט ארבייטער. דער נייער אגרימענט גיט די ארבייטער באדייטענדע העכערונגען אויף די שכירות און אנדערע פארבעסערונגען.

ווי י. הארוויץ, אסיסטענט מענעדזשער פון אוט אוו טאון דעפארטמענט וועלכער קאנטראלירט דעם שאפ גיט איבער, וועלען 750 פון די ארבייטער קריגען די פאלגענדע העכערונגען אויף די שכירות דורך דעם נייעם אגרימענט:

דער מינומום ווידזש פאר אפערייטארס, עקזעמינערס, פרעסערס און פלאר מיידלאך ווערט געהעכערט פון 16 דאלאר א וואך אויף $17.50; דער מינימום פאר סטרעטשערס ווערט געהעכערט פון 20 דאלאר אויף 23 דאלאר א וואך; סטאק רום קלוירקס, עלאסטיק קאטערס און אנדערע ארבייטער אין סטאק רום וועלען איצט האבען א מינימום פון 22 דאלאר א וואך אנשטאט 20 דאלאר ווי ביז איצט; אנדערע אנגעשטעלטע וועלכע ארבייטען ניט דירעקט אין דער פראדוקציע פון די קליידער ווערט זייער מינימום געהעכערט פון 14 דאלאר אויף 15 דאלאר א וואך.

אין דעפארטמענטס וואו עס וועט שפעטער איבערגעביטען ווערען די סיסטעם פון וואך אויף שטיק ארבייט, קריגען די ארבייטער פארלויפיג א העכערונג פון איין דאלאר א וואך פאר אלע וואס ארבייטען אונטער 18 דאלאר. ווען די שטיק ארבייט סיסטעם וועט איינגעשטעלט ווערען אין די דעפארטמענטס דארפען די פרייזען געסעטעלט ווערען אז די ארבייטער זאלען אין דורכשניט קענען פארדינען לויט דעם פאלגענדען רעיט:

די וועמעס שכירות איז 15 א האלב דאלאר א וואך דארפען אין א נארמאלען ארבייטס טאג קענען פארדינען אויפ'ן באזיס פון 18 און א האלב דאלאר; די וועמעס מינימום איז $17.50, דארפען קריגען געצאלט אויפ'ן רעיט פון 21 דאלאר א וואך; די וועלכע פארדינען איצט 22 דאלאר א וואך זאל זייער רעיט גערעכענט ווערען אויף $27.50 און די וואס פארדינען 40 און 42 דאלאר א וואך זאלען האבען א רעיט פון 48 דאלאר א וואך אויף שטיק ארבייט.

דער אגרימענט גיט אויך די ארבייטער א וואך וואקיישאן מיט געצאלט און זעקס און א האלב געזעצליכע ימים טובים א יאר. אויב איינער פון די ימים טובים פאלט אויס אין דער וואקיישאן וואך, דארף דער ארבייטער קריגען באצאלט פאר דעם טאג עקסטרא. אין דעם אגרימענט איז אויך איינגעשלאסען דער פונקט אז אין פאל די קאסטען פון לעבענס־מיטלען שטייגען זיבען און א האלב פראצענט אדער מער מעג די יוניאן פאדערען א העכערונג אויף די שכירות אין מיטען טערמין.

די פארהאנדלונגען מיט דער פירמע האט אנגעפירט וויים פרעזידענט הערי וואנדער, מענעדזשער פון דעפארטמענט, און זיין אסיסטענט י. הארוויץ.

## עמבראידערי ארבייטער אין פאסעיק געווינען סטרייק.

א ביטערער סטרייק וואס האט געדויערט זעקס וואכען, איז פארענדיגט געווארען סוף נאוועמבער, ווען די „הענד מאשין עמבראידערי אסאסיעישאן" האט נאכגעגעבען דער יוניאנס פאדערונגען און אונטערגעשריבען אן אגרימענט. דער אגרימענט שאפט אפ די סוועט שאפ באדינגונגען אונטער וועלכע די עמבראידערי ארבייטער פון פאסעיק און אומגעגענד האבען ביז איצט געארבייט און פירט איין א 40־שטונדיגע ארבייטס־וואך, יוניאן סקיילס און אנדערע יוניאן באדינגונגען. די מינימומס וואס זיינען איינגעשטעלט געווארען זיינען 58 סענט א שטונדע פאר ספענסערס; 35 סענט א שטונדע פאר ערשטע קלאס ארויסהעלפער און 32½ סענט א שטונדע פאר צווייטע קלאס ארויסהעלפער. סטיטשערס קריגען א העכערונג אויפן פרייז פון איינס ביז צוויי סענט א הונדערט.

דער סטרייק איז געווען זייער א פארביטערטער. די אסאסיעישאן האט אין אנהויב בכלל אפגעזאגט צו פארהאנדלען מיט דער יוניאן. די סטרייקער אבער זיינען געוועזן אויסערגעוויינליך ענטשלאסען. די שעפער זיינען באוואכט געווארען יעדע מינוט אין טאג און נאך זעקס וואכען סטרייקען האבען די בעלי בתים איינגעזען אז אום צו קענען ווידער עפענען די שעפער וועלען זיי מוזען סעטלען. געהאלפען האט אויך דאס וואס די יוניאן האט פארקלאגט די בעלי בתים פאר דער נעשאנאל רילעישאנס באארד פאר אנטזאגען זיך צו פארהאנדלען קאלעקטיוו מיט די פארטרעטער וואס זייערע ארבייטער האבען אויסגעקליבען. ביים פארהער האבען די בעלי בתים געמוזט צוגעבען אז די אינטערנעשאנאל פארטרעט א מערהייט פון זייערע ארבייטער און די לעיבאר באארד האט זיי באפוילען צו פארהאנדלען מיט דער יוניאן. וויים־פרעזידענט וואנדער, מענעדזשער פון דעם איסטערן אוט אוו טאון דעפארטמענט האט אנגעפירט די פארהאנדלונגען און אונטערגעשריבען דעם אגרימענט,

די עמבראידערי ארבייטער זיינען געטשארטערט געווארען פון דער אינטערנעשאנאל אלס לאקאל 162 און האבען שוין ערווילט אן עקזעקוטיוו באארד. עס זיינען ערווילט געווארען די שוועסטער קעי דארנאווסקי, עלסי וואנדערהאו און אננא באשאנסקי און די ברידער דזשאהן פערראנטע, סעם אנדזשעלא, היימאן קאפף און אסקאר נאטער. הערי בראונסטיין איז באשטימט געווארען אלס פארוואלטער.

## מאריס עקסטראקט באשטימט אלס פארוואלטער פון בעיאן אפיס.

וויים־פרעזידענט הערי וואנדער, מענעדזשער פון איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט, האט באשטימט ארגאנייזער מאריס עקסטראקט אלס פארוואלטער פון יוניאן אפיס אין בעיאן, ניו דזשוירזי, אין פלאץ פון דזשזעק נייבורג וועלכער איז אנטלאסען געווארען פון סטעף.

מאריס עקסטראקט איז פארבונדען מיטן איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט א צאל יארען און האט געהאלטען פאראנטווארטליכע פאזיציעס. וואנדער האט אים גערימט אלס פעהיגען און געוויסענהאפטען מענטשען וועלכער וועט געבען בעיאן די אויפמערקזאמקייט וואס די ארבייטער דארטען דארפען קריגען.

# טשילדרען דרעס אסס'ן איינגעשפארט; פארהאנדלונגען נייען אן

די פארהאנדלונגען צווישען דער טשילדרען דרעסמאכער יוניאן לאקאל 91 און די אסאסיאיישאן וועגען באנייען דעם אגרימענט אין טרייד וועלכער גייט אויס דעם 31טען דעצעמבער, האט זיך אנגעשטויסען אן א געוואלדיגער עקשנות מצד די פארטרעטער פון די בעלי בתים און ווען די שורות ווערען געשריבען הענגט נאך איבערן טרייד די געפאר פון א גענעראל סטרייק. די קאנפערענץ קאמיטע פון דער יוניאן, אנגעפירט פון וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון דער טשילדרען דרעסמאכער יוניאן און איזידאר נאגלער, מענעדזשער פון קאטערס לאקאל 10, האבען פרובירט טאן אלץ וואס נאר מעגליך צו קומען צו א פארשטענדניס מיט די בעלי בתים. אבער פארלויפיג איז עס זיי נאך ניט געלונגען.

ווי מיר האבען שוין איבערגעגעבען אין דער „גערעכטיגקייט", האט די יוניאן ארויסגעשטעלט מעסיגע פאדערונגען צום נייעם אגרימענט. א העכערונג פון צען פראצענט אויף די שטיק ארבייט פרייזען און א העכערונג פון צוויי דאלאר א וואך פאר די וואך ארבייטער. די אנדערע פאדערונגען זיינען געווען אפשאפען דעם 25 מייל פונקט פון אגרימענט און אריינשרייבען א פונקט אז די גאנצע ארבייט מוז געמאכט ווערען אין יוניאן שעפער און פארשטארקען די פונקטען וועגען דורכפירען די פארשריפטען פון אגרימענטס. דער איינציגער פונקט וואס די פארטרעטער פון די בעלי בתים האבען נאכגעגעבען איז דער פונקט וועגען פארשטארקען דעם קאנטראל. אלע אנדערע האבען זיי צוריקגעוויזען און האבען אויך צוריקגעוויזען דעם פארשלאג פון דער יוניאן איבערצוגעבען די אלע פאדערונגען צו ארביטריישאן.

לאקאל 91 האט די גאנצע פראגע געבראכט צו אן אלגעמיינער פארזאמלונג פון די מיטגלידער. די פארזאמלונג איז געווען אויסערגעווינליך גוט באזוכט. דער גרויסער זאל אין קופער יוניאן איז געווען איבערפילט און ארום א טויזענד ארבייטער האבען געמוזט צוריקגיין אויס מאנגעל אין פלאץ. די פארזאמעלטע זיינען אדרעסירט געווארען פון פרעזידענט דובינסקי, וועלכער האט זיי איבערגעגעבען דעם באשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיוו גוטצוהייסען אן אלגעמיינעם סטרייק אין טרייד אויב מען וועט ניט קענען באנייען דעם אגרימענט פרידליך און האט זיי פארשפראכען די פולע שטיצע פון דער אינטערנעשאנאל אין פאל עס זאל קומען צו א סטרייק. וויים־פרעזידענט גרינבערג האט די ארבייטער פארגעלייגט די פאדערונגען פון דער יוניאן און באריכטעט פון די קאנפערענצען און די האלטונג פון די בעלי בתים. עס האבען אויך גערעדט ביים מיטינג וויים־פרעזידענט לואידזשי אנטאניני, וויים־פרעזידענט איזידאר נאגלער פאר די קאטערס און פרענק קראסוועיט. די פארזאמעלטע האבען איינשטימיג באשלאסען צו סטרייקען אין פאל די פירער פון דער יוניאן וועלען ניט קענען סעטלען פרידליך. דער לעצטער באריכט איידער מיר גייהען צום פרעס איז אז מעיאר לאגווארדיא האט גערופען ביידע צדדים צו א קאנפערענץ אין סיטי האל אין א פארזוך אויסצומיידען א סטרייק אין טרייד.

## ארגאניזאציאנס־ארבעט אין ניט־גודס טרייד גייט אן

די ניט־גודס ארבייטער יוניאן לאקאל 155 צייכענט זיך, דוכט זיך אויס, פון אלע אנדערע יוניאנס דערמיט וואס איר ארגאניזאציאנס ארבייט שטעלט זיך קיינמאל ניט אפ. זומער און ווינטער, ביזי און אין סלעק צייט.

לויט דעם באריכט אין לעצטען בולעטין וואס די ניט־גודס ארבייטער יוניאן גיט ארויס איז די יוניאן געווען זייער אקטיוו דורך די לעצטע פאר מאנאטען און האט פארצייכענט באדייטענדע געווינסען.

פאלגענדע שעפער זיינען געסעטעלט געווארען דורך די לעצטע פאר מאנאטען: קאפלאן בראדערס, באוואוסט אין טרייד אלס די „בוירקלי ניטינג מילס" האט געסעטעלט מיט דער יוניאן נאך א סטרייק פון זעקס מאנאטען; די „מאקאפ ניטינג מילס" וועלכע באשעפטיגט 150 ארבייטער האט געסעטעלט. געסעטעלט האט אויך די „מארעל ניטינג מילס" מיט איבער הונדערט ארבייטער; עס האבען אויך געסעטעלט די לאסטאגס, פארדהאם, טודאר, דומאנט, בילט רייט, אקס ספארטוועיר, וואוג ספארטוועיר, אדאלף מאר, טאוער ניט־וועיר, טריי קאט, קרייטעריאן, לעידי דזשעין, ראמעין, עמפייר סטעיט און פאריז ניטוועיר.

א חוץ די געסעטעלטע ווערט דער קאמף אנגעפירט געגען א צאל פארביסענע פירמעס וועלכע טוען אלץ וואס זיי קענען אנצואהאלטען זייערע סוועט שאפ באדינגונגען. די אלאמא ניטינג מילס, האט נאכדעם ווי די ארבייטער זיינען ארונטער אין סטרייק, ארויסגעפירט די פאבריק אין לאנג איילאנד סיטי. קומענדיג אהין אבער האט זי שוין געטראפען די פיקעטס ארום דער נייער געביידע. די ארענשטיין בראדערס שאפ האט זיך געשלאסען ווייל די ניט־גודס ארבייטער האבען זיך אנטזאגט דורכצוגיין א פיקעט ליין. אין סטרייק זיינען אויך די „ברוקלין ניט ספארטוועיר", די „פלאזא" און די „דעוואן ניטינג קאמפאני". די לעצטע צוויי פירמעס זיינען אין סטרייק אין פארבינדונג מיט דעם סטרייק וואס די יוניאן פירט אן געגען דער „מעי ניטינג מילס" פון 19 וועסט פערטע סטריט פאר וועמען די צוויי האבען געארבייט. דאס איז די זעלביגע קאמפאני וועלכע איז געפונען געווארען שולדיג אין פעדעראלען געריכט פאר צאלען די היים־ארבייטער הונגער שכירות געגען געזעץ און איז פאר'משפט געווארען צו באצאלען די ארבייטער א פערטעל מיליאן דאלאר בעק פעי. די פירמע האט געהאט ארעסטירט זעקס פיקעטס פון דער ניט־גודס יוניאן צוזאמען מיטן מענעדזשער לואיס נעלסאן. דער געריכט האט ארויסגעווארפען די קלאגע און באפרייט די פיקעטס.

# קעמפעין אין קאטאן דרעס ליין איבער דעם גאנצען לאנד צוגענרייט

דער קעמפעין אין קאטאן און רעיאן דרעס טרייד וואס די גענעראל עקזעקוטיוו האט באשלאסען אנצופאנגען אין גיכען איבערן גאנצען לאנד, ווערט שוין איצט צוגעגרייט און מען קען ערווארטען אז גאר אין גיכען זאל עס זיין אין פולען שוואונג לויט די באריכטען פון פארשידענע געגענדען.

וויס-פרעזידענט עליעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט אין די מזרח-שטאטען באריכטעט, אז אלע פארבארייטונגען ווערען איצט געמאכט אין דער טעריטאריע אנצופאנגען אן ענערגישען ארגאניזאציאנס קעמפעין אזוי שנעל ווי דער ספרינג סעזאן וועט זיך אנהויבען. עס זיינען שוין איינגעשטעלט געווארען ארגאניזאציאנס קאמיטעס פון אקטיווע מיטגלידער פון די לאקאלס אין די פארשידענע שטעט. און זיי זיינען שוין טעטיג אין איינשטעלען פארבינדונגען מיט ארבייטער אין די אפען-שעפער. אין צענדליגע שטעט און שטעטלאך זיינען שוין אויסגעארבייט די ארגאניזאציאנס פלענער אין אלע דעטאלען. ווי אלע מאל איז די ערשטע אויפגאבע אריבערצוגעווינען א מאיאריטעט ארבייטער פאר דער יוניאן. דאס איז וואס עס ווערט איצט געטאן.

א וויכטיגע ארבייט אין דעם צוגרייטונגס פראצעס — זאגט רייזבערג — איז דאס וואס מיר באנייען די אגרימענטס מיט די ארגאניזירטע שעפער פרידליך און קריגען פארבעסערונגען. דאס האט א שטארקען איינפלוס אויף די ארבייטער אין די ניט ארגאניזירטע שעפער וועלכע ארבייטען איצט אפשר אונטער ערגערע באדינגונגען די פריהער.

דער דעפארטמענט האט איצט באנייט דעם אגרימענט מיט די „דוירבי ספארטוועאר" פון הוירקימער, ניו יארק, וואו עס ארבייטער 350 בעלי מלאכות. די יוניאן האט געקראגען א העכערונג פון פינף פראצענט אויף די שטיק ארבייט מינימום פון 37½ סענט א שטונדע און אין דאלאר א וואך פאר אלע וואך ארבייטער.

## אויך אין דער סאוטה-וועסט גרייט מען זיך צו א קעמפעין.

אויך אין דער סאוטה-וועסט גרייט זיך די יוניאן אנצופירען אן ענערגישען קעמפעין דורך דעם הייניגען ספרינג סעזאן צו ארגאניזירען די ניט ארגאניזירטע דרעס-שעפער. מייער פערלשטיין, אינטערנעשאנעל פארטרעטער אין דער טעריטאריע באריכטעט, אז עס ווערען איצט צוגעגרייט פלענער צו אנהויבען א טיכטיגען קעמפעין אין אלע שטעט און שטעטלאך אין דעם געגענד וואו עס געפינען זיך נאך ניט ארגאניזירטע דרעס שעפער. א באזונדערע אויפמערקזאמקייט ווערט געגעבען צו דער לאגע אין דאלאס, טעקסעס, וועלכע איז איצט כמעט די איינציגע שטאט אין דער טעריטאריע וואס איז נאך אין גאנצען ניט ארגאניזירט. דער פאקט וואס אין דער שטאט איז נישטא קיין פונקציאנירענדע יוניאן אין טרייד האט ערמוטיגט די באסעס אויסצונוצען די געלעגענהייט און ארונטערדריקען די שכירות פון די דרעסמאכער צום אבסאלוטען מינימום פון געזעץ. דרייסיג סענט א שטונדע איז דארט געווארען דער מאקסימום אין שעפער וואו עס ווערען געמאכט די טייערסטע דרעסעס.

לעצטענס האבען א באדייטענדע צאל דרעסמאכער אין דאלאס אנגעהויבען אויסגעפינען וועגען די שכירות און באדינגונגען פון ארבייטער אין זייער טרייד אין אנדערע שטעט, און זיי האבען זיך ארומגעזען, אז אי-בער דעם וואס זיי זיינען נישט ארגאניזירט איז דער געזעצליכער מינימום פון דרייסיג סענט א שטונדע געווארען דער מאקסימום וואס זיי קענען פארדינען. דאס אליין העלפט זיי קומען צום שכל. די יוניאן שטעלט איצט אן מער ארגאנייזערס אין דעם געגענד און גרייט זיך צו א קעמפעין.

אויך אין די מינעאפאליס ניטינג מיל און צווישען די קוירטען ארבייטער אין סיינט לואיס ווערט אנגעפירט אן ערפאלגרייכער קעמפעין. א גרויסע צאל ארבייטער אין די מינעאפאליס ניטינג מיל האבען רעזיגנירט פון דער קאמפאני יוניאן און האבען זיך אנגעשלאסען אן דער אינטערנעשאנאל. די קוירטען ארבייטער אין סיינט לואיס ארגאניזירען זיך און פלאנעווען ארויסצושטעלען פארדערונגען די בעלי בתים אין אנהויב פון זייער סעזאן וועלכער הויבט זיך געווייגליך אן אנהויב יאנואר.

## טיכטיגער קעמפעין ביים פאסיפיק קאוסט.

פון פאסיפיק קאוסט קומען באריכטען וועגען אן ענערגישען קעמפעין וועלכער ווערט איצט קאנצענטרירט אין לאס אנדזשעלעס דרעס טרייד. די ארבייט איז דארט פארשטארקט געווארען זינט וויס-פרעזידענט לואיס ליוויי און דזשארדזש ווישניאק זיינען אהין אנגעקומען. די לאס אנדזשעלעס דרעסמאכער יוניאן מאכט איצט פארבארייטונגען פאר א שטורעמדיגען קעמפעין אין טרייד צו ארגאניזירען די גרויסע צאל ניט יוניאן שעפער. וויס-פרעזידענט ראוז פעסאטא פארט אין גיכען אפ אהין און אורטיילענדיג לויט איר ארבייט און ערפאלגען אין אנדערע שטעט, הויפטזאכליך אין באסטאן, מעג מען ערווארטען דארט א לעבעדיגע טעטיגקייט וואס מוז ברייגען רעזולטאטען. ווי מען באריכטעט פון דארטען איז שוין אן ארגאניזאציאנס קאמיטע פון אקטיווע מיטגלידער איינגעשטעלט געווארען און די גאנצע מעמבערשיפ איז גרייט צו געבען פולע קאאפעראציע אין דער ארבייט.

## ניט-גודס ארבעטער וואס אנטזאגען זיך דורכגיין פיקעט-לאין בארעכטיגט צו ארבעטסלאזען בענעפיט

דער ניט-גודס ארבייטער לאקאל פון דער אינטערנעשאנאל אין סאן פראנציסקא האט ארויסגעקראגען א וויכטיגע ענטשיידונג פון דער קאמיסיע פאר ארבייטס-לאזע פארזיכערונג. די ענטשיידונג לויטעט אז ארבייטער וועלכע אנטזאגען זיך דורכצוגיין א פיקעט ליין און בלייבען דורך דעם ארבייטסלאז זיינען בארעכטיגט צו זייער ארבייטסלאזען בענעפיט.

די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען אין דעם פאל פון די ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט אין דער ניט-גודס פירמע פון גאנטנער און מאטערין אין סאן פראנציסקא, מיטגלידער פון לאקאל 191 פון דער אינטערנעשאנאל. דעם 16טען אקטאבער האבען די ביל-דינג סערוויס ארבייטער פון דער געביידע וואו די פאבריק געפינט זיך דערקלערט א סטרייק און געשטעלט פיקעטס ארום דער געביידע. די ניט-גודס ארבייטער האבען זיך אנטזאגט דורכצוגיין די פיקעט ליין און דער שאפ איז דורך דעם געשלאסען געווארען. ווען די ארבייטער האבען זיך געווענדעט נאך זייער ארבייטסלאזען בענעפיט, האט דער באס פראטעסטירט אויפן גרונט וואס זיי זיינען ארבייטסלאז דורך אן ארבייטער סכסוך און דער געזעץ לויטעט אז ווען איינער איז אויסער ארבייט דורך אן ארבייטער סכסוך איז ער ניט בא-רעכטיגט צו ארבייטסלאזען בענעפיט. די קאמיסיע האט באשטימט א רעפערי און איצט האט ער ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג צו גונסטען די ארבייטער.

אין זיין ענטשיידונג זאגט דער רעפערי: „די פראגע איז ענטשידען געווארען דורך א גאנצע ריהע בא-שלוסען פון דער קאמיסיע, אז ווען מיטגלידער פון א יוניאן וואס איז אליין ניט פארוויקעלט אין א סכסוך מיטן ארבייטסגעבער אנטזאגען זיך דורכצוגיין א פיקעט-ליין וואס איז אוועקגעשטעלט געווארען פון א צווייטער יוניאן וועלכע פארטרעט אן אנדער קלאס ארבייטער איבער דעם וואס די צווייטע יוניאן האט א סכסוך מיט אן ארבייטסגעבער, איז דאס ניט גענוג אוועקצונעמען פון די מיטגלידער פון דער ערשטער יוניאן זייער רעכט צו ארבייטסלאזען בענעפיט."

לויט דער אויסטייטשונג, זיינען ארבייטער ניט בא-רעכטיגט צו ארבייטסלאזען בענעפיט בלויז אין פאל וואו זיי אליין זיינען אין סטרייק און זיינען ניט גרייט צו-ריקצוגיין צו דער ארבייט. אין א פאל אבער וואו זיי אנטזאגען זיך דורכצוגיין א פיקעט ליין זיינען די אר-בייטער גרייט צו יעדער צייט צוריקצוגיין ארבייטען אזוי שנעל ווי די פיקעטס וועלען אוועקגענומען ווערען. זיי זיינען דעריבער בארעכטיגט צו בענעפיט.

## שיקאגאר יוניאן פייערט 50-יאריגען יובילי

די קלאוק דזשאינט באארד פון דער קלאוק און דרעסמאכער יוניאן אין שיקאגא האט דעם מאנאט גע-פייערט דעם פופציגסטען געבורטסטאג פון דער קלאוק-מאכער יוניאן אין שיקאגא און דעם 25טען געבורטס-טאג פון דעם דזשאינט באארד. די פייערונג האט אנ-געהאלטען צוויי טעג, דעם 9טען און 10טען דעצעמבער.

שבת, איז געגעבען געווארען א מוזיקאלישער פעסט אין ארקעסטער האל ביי וועלכען עס זיינען אנוועזענד געוועזען 2,600 מענטשען. אזוי פיל ווי דער זאל האט געקענט אריינגעמען און הונדערטער האבען געמוזט צוריק גיין אויס מאנגעל אין פלאץ.

זונטאג אוונט האבען איבער 1,200 מיטגלידער און געסט אנטייל גענומען אין א באנקעט, ביי וועלכען עס זיינען אנוועזענד געוועזען די וויכטיגסטע פארשטייער פון דער גאנצער ארבייטער באוועגונג. הונדערטע שעפער האבען געשיקט בלומען וועלכע האבען פארוואנדעלט די פלאטפארמע אין א בלומען גארטען.

צווישען די פראמינענטע געסט ביים באנקעט זיינען געוועזען: מעיאר עדווארד דזש. קעללי פון שיקאגא, די וויס-פרעזידענטען אנטאניני, פיינבערג, רייזבערג און קאטאוסקי מיט דעלעגאציעס פון זייערע לאקאלס און דזשאינט באארדס; מייער פערלשטיין מיט א דעלעגאציע פון סיינט לואיס; וויקטאר האלענדער, סעקרעטאר פון דער אילינאי סטעיט פעדערעישאן און לייבאר; דזשאזעף קינען, סעקרעטער פון דער סיטי פעדערעישאן; דזשאן דזשעס און אנדערע פראמינענטע בירגער און פארטרע-טער פון צענדליגע לאקאלס פון אנדערע שטעט ווי מילוואקי, עלדזשין, פארט וועין, באטאוויא, לא פארטע, קראפארדסוויל און אלפענא. הונדערטע טעלעגראמען זיינען ערהאלטען געווארען פון אלע עקען לאנד. דער הויפט-רעדנער איז געוועזען וויס-פרעזידענט מאריס ביא-ליס. טאסט-מייסטער איז געוועזען מ. א. גאלדסטיין, סעקרעטער טרעזשורער פון דער דזשאינט באארד. ביידע האבען געקראגען מתנות. סעטס ענציקלאפעדיע בריטאניקא.

פרעזידענט דובינסקי האט צוגעשיקט פאלגענדע באגריסונגס טעלעגראמע:

„מאריס ביאליס, וויס-פרעזידענט,
„יובילי פייערונג, שיקאגא אילינאי.

„איך האב געפלאנעוועט צו באטייליגען זיך פער-זענליך אין אייער פייערונג, אבער צום באדויערען איז, איבער אומפאראויסגעזעענע אומשטענדען, געווארען פאר מיר אוממעגליך זיך אנצושליסען אן די מאסען מיטגלידער און פריינד פון אונזער שיקאגא ארגאניזאציע ביים פיי-ערען איר דערגרייכען דעם האלבען יארהונדערט פון דער קלאוקמאכער יוניאן און דעם פערטעל יארהונדערט זינט עס איז געגרינדעט געווארען די דזשאינט באארד.

„זייער ווייניג מענטשען לעבען נאך איצט וועלכע האבען בייגעוואוינט דעם געבורט פון אייער ארגאני-זאציע, אבער מיר אלע ווייסען דעם גלארייכען קא-פיטעל וואס איר האט אריינגעשריבען אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. און ספעציעל אין דער געשיכטע פון אונזער אינטערנעשאנאל. עס האט אזוי פאסירט, אז פונקט אין דעם זעלבען טאג, מיט צען יאר צוריק, האב איך אנגענומען די פאראנט-ווארטליכקייט פון א גענעראל-באאמטען פון דער אינ-טערנעשאנאל. און קוקענדיג צוריק בין איך ענטציקט פון דעם גרויסען פארשריט פון אונזער אינטערנעשאנאל און אירע אנגעשלאסענע אפטיילונגען דורך דער צייט. איך באגריס די קלאוק און דרעסמאכער יוניאן, אירע באאמטע און מיטגלידער צו דער געלעגענהייט פון דעם יובילי. מיר זיינען שטאלץ מיט אונזער שיקאגאר אר-גאניזאציע, אירע אויסגעצייכענטע דערגרייכונגען און איר קאנסטרוקטיווע פירערשאפט און באוואונדערען דעם פיי-נעם גייסט פון ברידערליכקייט און איינינקייט מיט וועלכע אייער ארגאניזאציע איז דורכגעדרונגען. אין מיין אייגענעם נאמען און אין נאמען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד און אונזער צאלרייכע מיטגלידער-שאפט ווינש איך אייך ווייטערדיגען ערפאלג און אז די נעכסטע 50 יאר זאל זיין אזוי פרוכטבאר אין דער-גרייכונגען ווי די פארגאנגענהייט.

„(אונטערגעשריבען) דוד דובינסקי, פרעזידענט".

# אין דער קלאוקמאכער יוניאן און אין טרייד

## פון לואיס ע. לאנגער.

סעקרעטאר ניו־יארקער דזשאינט באארד קלאוקמאכער יוניאן.

דער טרייד האט היינטיגס יאר אנגעפאנגען דעם ספרינג סעזאן פריהער ווי לעצטעס יאר. עס ווערען פאר דעם אנגעגעבען צווי אורזאכען. איין אורזאך: דאס וואס „איסטער" זונטאג פאלט היינטיגס יאר אויס פריהער ווי לעצטעס יאר, און צווייטענס, איבער דעם וואס די לאגע אין לאנד האט זיך פארבעסערט צוליב דער מלחמה אין אייראפע.

די וועלכע גלויבען אז דער פריהער סעזאן היינטיגס יאר איז א רעזולטאט פון דער פארבעסערטער לאגע אין לאנד ווייזען אן, אז ווען דער איסטער זונטאג וואלט אפילו אויסגעפאלען נאך פריהער, דארף דער ריטעילער איצט ניט אריינעמען קיין ספרינג ארבייט, ווייל ער קען צו יעדער צייט קריגען גענוג סחורה צופרידענצושטעלען זיינע קאסטאמערס. ווען דער ריטעילער האט דאך אנגעפאנגען אזוי פרי צו קויפען ספרינג ארבייט, איז עס דערפאר ווייל ער האט שוין איצט א נאכפראגע אויף דער סחורה, און די נאכפראגע קומט ניט ווייל דער „איסטער" זונטאג פאלט אויס פריהער, נאר זי קומט ווייל די צייט האט זיך פארבעסערט און די פרויען האבען שוין עטוואס געלד צו קויפען.

אז די לאגע אין לאנד האט זיך פארבעסערט איז קיין צווייפעל ניט. פילע אינדוסטריען, און הויפטזעכליך די מלחמה אינדוסטריען, ארבייטען. דער רויך פון די קוימענס פון די פאבריקען וועלכע פראדוצירען פולווער און שטאל שטעלט זיך ניט אפ. ער גייט כסדר, 24 שטונדען א מעת־לעת. פון קיין סטרייקס אין די אינדוסטריען הערט מען אויך ניט. זיי זיינען צו ביזי צו סטרייקען. איז דא א האפענונג, אז ווען זיי וועלען האבען געלד וועט אונזער טרייד האבען א בעסערען סעזאן. אזוי איז שוין מיט דעם שניידער טרייד. מיר זיינען פון די ערשטע צו ליידען פון שלעכטע צייטען און מיר זיינען פון די לעצטע אנצופאנגען צו געניסען ווען די לאגע אין לאנד פארבעסערט זיך.

מיר זיינען נאטירליך ניט שולדיג אין דעם וואס די אינדוסטריעס פון פולווער און שטאל זיינען ביזי. מען האט ביי אונז ניט געפרעגט צי די אייראפייאישע פעלקער זאלען איינע די אנדערע שניידען די העלזער. ווען מען וואלט ביי אונז געפרעגט, וואלטען מיר זיכער געזאגט א גרויסען נ י י ן ! ניט בלויז צוליב אלגעמיין מענטשליכע מאטיוען, נאר אויך, און הויפטזעכליך, צוליב אונזערע שוועסטער און ברידער, וועלכע ווערען פארניכטעט אין דעם בלוטיגען גיהנום. אודאי וואלטען מיר געוואלט, אז עס זאל מקוים ווערען די נבואות פון ישעיה הנביא, אז פון די קאנאנען וואס אמעריקא פראדוצירט פאר די אייראפייאישע פעלקער זאלען ווערען אקער־אייזענס און די מענשהייט זאל אומגעשטערט קענען געניסען די פרוכט וואס די מוטער ערד גיט ארויס.

---

צווישען די מאנופעקטשורערס אין טרייד, און אזוי אויך אין דער טרייד־צייטונג, הערען מיר אז דער „לידיס מעניש סוט" ווערט אלץ ווייניגער אין מארקעט. מיר וועלען זיך ניט אפעסען דאס הארץ ווען דער סארט גארמענט וועט אין גאנצען אויפהערען צו גיין. מען זאגט, אז די פרויען אליין האבען אונטערגעשריבען דעם טויט־אורטייל פון דעם גארמענט; אז זיי האבען זיך מיט דעם סוט אזוי אנגעגעסען, אז ער עקעלט זיי שוין. ער קריכט זיי שוין פון האלז. חוץ דעם איז אין דעם גארמענט נישטא קיין פארשידענארטיגקייט אין סטאיל, און פרויען האבען ניט ליב צו טראגען דעם זעלבען סוט, ווי פילע אנדערע. אלע סמנים ווייזען, אז דער סוט ווערט אויסגעשפילט אין מארקעט. לעצטעס יאר אין מאנאט נאוועמבער, זיינען די שעפער, וועלכע האבען געמאכט דעם סוט שוין געווען גאנץ שטארק ביזי. אצינד, אין מאנאט דעצעמבער, איז נאך ביי דעם סוט קיין פיל ארבייט ניטא. לויט די בעריכטען, וועלכע מיר האבען נעקראגען אין אונזער אפיס, נאך אן אונטערזוכונג פון אונזערע מענשען, איז דא זייער ווייניג ארבייט אין די שעפער און א צאל שעפער וועלכע האבען געמאכט די סוטס ארבייטען שוין צוריק אויף רעגעלע מענער ארבייט. זאל זיי וואויל בעקומען. זאל זיי גאט העלפען אז זיי זאלען האבען מענער שניידעריי און לאזען צורו די פרויען קליידער אינדוסטריע.

---

דער סוט האט פארשאפט דער יוניאן פיל הארצווייטאג. דער גארמענט איז געגאנגען אין די שווערע טויזענדע, און אונזערע מעמבערס האבען אים ניט געמאכט. ווארום? ווייל די מענער שניידער יוניאן, וועמעס מאנופעקטשורערס זיינען געווען פון די ערשטע וואס האבען אנגעפאנגען צו פראדוצירען דעם סוט, האבען אוועקגעשטעלט אזא ארבייטס־פרייז פאר דעם גארמענט, אז די קלאוקמאכער האבען פארלוירען דעם אפעטיט אים צו מאכען. צו ארבייטען פאר וואסער אויף קאשע איז ניט אין דעם שולחן ערוך פון דעם קלאוקמאכער.

---

די מענער שניידער יוניאן האט א טענה, אז אונזער יוניאן טשעפעט זיך צו איר. די באהויפטונג איז א פאלשע. אלץ וואס מיר פארלאנגען פון איר איז, אז זי זאל צורו לאזען אונזער אינדוסטריע. די קלאוקמאכער האבען ניט געבלוטעט פאר סטענדארדס אז די מענער־שניידער יוניאן זאל זיי פארניכטען. די אמאלגאמייטעד יוניאן, אום צו פארדעקען איר ניט־יוניאן־מעסיגע האנדלונג, זאגט אז אין די שעפער פון די לידיס מעניש סוטס, וועלכע מיר האבען איבערגענומען, פארדינען זייערע מעמבערס ווייניגער ווי בעפאר, דאס וועלען אפילו זייערע איינענע מעמבערס אויך ניט גלויבען. די וועלכע ארבייטען אין די דאזיגע שעפער ווייסען דעם אונטערשיד פון זייערע איצטיגע פארדינסטען אונטער דעם קאנטראל פון אונזער דזשאינט באארד, און פון די פארדינסטען פריער ווען די שעפער זיינען קאנטראלירט געווארען פון זייער יוניאן. ניט נאר די מענער שניידער, נאר ארבייטער פון אנדערע אידישע טריידס ווייסען אז די קלאוקמאכער יוניאן איז געווען אין דער ערשטער ריי צו קעמפען פאר א העכערען לעבענס־סטאנדארד פאר אירע מעמבערס און די אנדערע אידישע יוניאנס האבען איר נאכגעפאלגט.

מיר טשעפען זיך ניט צו דער מענער שניידער־יוניאן. מיר זאגען בלויז, אז וואלט די יוניאן ניט געווען פאראינטערעסירט אין כאפ־לאפ וואלט זי, אלס א שוועסטער ארגאניזאציע, אזוי שנעל ווי די ארבייט האט זיך אנגעפאנגען באווייזען אין אירע שעפער, באדארפט אריינרופען אונזערע פארטרעטער און זאגען: „די קלאוקמאכער זיינען געווען פון די ערשטע וועלכע האבען אונז געהאלפען צו אלע צייטען, ווילען מיר אייך אפדינען און אייך ענטדעקען א סוד: אונזערע קלאדינג מאנופעקטשורערס האבען אנגעפאנגען צו פראדוצירען א לידיס מעניש סוט וועלכער איז ניט אונזער ליין. ער באלאנגט צו אייך. איר דארפט דעם גארמענט קאנטראלירען. אבער, איידער איר נעמט איבער דעם קאנטראל, זייט אזוי גוט און זאגט אונז וויפיל דארף זיין דער ארבייטס־פרייז פאר דעם גארמענט, וויפיל דארפען זיי צאלען אזוי, אז אונזערע מעמבערס זאלען קענען מאכען א לעבען".

די מענער שניידער יוניאן האט דאס ניט געטאן. ניט נאר האט זי זיך ניט בארואטען מיט אונזער יוניאן, נאר זי האט נאך געעפענט די טירען פאר אונזערע מאנופעקטשורערס אין זייערע שעפער וואו זיי קריגען אויפגעמאכט דעם גארמענט פאר א פרייז, וואס בלויז אונערפארענע מענשען האבען פאר אים געקאנט אוועקשטעלען.

קומט די פירערשאפט פון די מענער שניידער יוניאן און זאגט אז די קלאוקמאכער יוניאן טשעפעט זיך צו זיי. מיר טשעפען זיך צו קיינעם ניט. מיר פארלאנגען און מיט רעכט, אז זיי זאלען לאזען צורו דעם פרויען־קליידער טרייד.

די אנגענומענע פאליסי פון דער דזשאינט באארד בנוגע דער ביליגער ליין ארבייט ווערט אין מאנכע קרייזען ניט ריכטיג פארשטאנען. די יוניאן זוכט ניט אוועקצונעמען די ארבייט פון די אוט־אוו־טאון ארבייטער און זיי אין גאנצען מאכען ברויטלאז. ניין, דאס איז ניט די אבזיכט. אלץ וואס די יוניאן וויל, איז בלויז איינשטעלען א סיסטעם פון גלייכער צוטיילונג פון ארבייט צווישען דעם אוט־אוו־טאון און ניו יארק שאפ.

„אוט־אוו־טאון" איז זיכער אן אלטער פראבלעם. קיינער קאן עס ניט און וויל עס ניט לייקענען. דער פראבלעם איז געקומען צוזאמען מיט דער יוניאן. בעפאר די יוניאן איז געקומען צו איר כח איז קיין אוט־אוו־טאון פראבלעם ניט געווען ווייל דער מאנופעקטשורער איז געווען דער איינציגער, וועלכער האט באשטימט ווען און ווי אזוי זיינע ארבייטער זאלען ארבייטען. דאס איז ניט בלויז געווען דער פאל מיט אונזער טרייד, נאר דאס זעלבע איז אויך געווען מיט די אנדערע אידישע נאדעל טריידס ווען זייערע יוניאנס האבען אויסגעקעמפט בעדינגונגען פאר זייערע ארבייטער.

עס איז אבער אן אונטערשיד פון היינט ביז דאמאלס אין דער שטעלונג פון דער יוניאן בנוגע דעם פראבלעם. אין יענע יארען האבען מיר געזוכט צו לייזען דעם אוט־אוו־טאון פראבלעם, דורך ניט געבען קיין מקום מנוחה די מאנופעקטשורערס. די וועלכע זיינען אהין געלאפען, האבען מיר געטריבען און נאכגעפאלגט. דאס קאנען מיר היינט ניט טאן, ווייל דורך דער צייט פון דער נ. ר. א. זיינען לאקאלס אין די אוט־אוו־טאון פלעצער ארגאניזירט געווארען. דורך די טשארטערס וואס די אינטערנעשאנעל האט זיי געגעבען, זיינען די שעפער לעגאליזירט געווארען.

איך האב זיך באקענט מיט דעם אוט־אוו־טאון פראבלעם און אלע זיינע שוועריגקייטען נאך אין 1916. שוין דעמאלס זיינען געווען מאנופעקטשורערס, וועלכע האבען געהאט מער ליבע פאר דער קאנטרי ווי פאר דער שטאט. טראץ אלע שוועריגקייטען דארטען צו קריגען ארבייטער און קענען אין צייט ליפערען די אויפגעמאכטע ארבייט. טראץ דעם וואס די יוניאן האט געוואוסט פון די אלע שוועריגקייטען וואס דער מאנופעקטשורער מוז באגעגענען אין די שטעטלאך און איז געווען זיכער אז ער מוז ברעכען דעם קאפ, דאך איז די יוניאן ניט געווען גלייכגילטיג, זי האט אים ניט געגעבען קיין רוה. דורך דעם וואס זי איז נאכגעלאפען איינעם האט זי אפגעהאלטען פיל אנדערע פון לויפען. עס איז ניט וויכטיג צי דער יוניאנ'ס טעטיגקייט האט געבראכט 100 פראצענט רעזולטאטען. אבער רעזולטאטען האט עס געבראכט.

איך בין ניט אימשטאנד אויסצורעכענען וויפיל מאנופעקטשורערס זיינען דורך דער טעטיגקייט פון דער יוניאן געצוואונגען געווארען צוריק צו עפענען זייערע שעפער אין ניו יארק, און וויפיל פון זיי זיינען אין גאנצען ארויס פון ביזנעס.

אין 1920 האבען מיר געפירט א קאמף געגען א בערימטער און איינפלוסרייכער פירמע וועמעס נאמען איז זייער גוט באקאנט צו דעם געוועזענעם לאקאל 17. די פירמע האט אין איר קאמף מיט דער יוניאן מיט זיך געהאט די גאנצע שטאט מיט דער פרעס און איז אויך פינאנציעל געשטיצט געווארען פון איר אסאסיאיישאן. וואלט די אוט־אוו־טאון פראגע דאמאלס געווען אזוי לעגאליזירט ווי זי איז היינט, וואלט דער מאנופעקטשורער וועלכער באשעפטיגט היינט אין ניו יארק קרוב צו הונדערט ארבייטער קיינמאל אין שטאט ניט צוריקגעקומען. וואלט די יוניאן געלאזט דער פירמע זיך בילדען איר גן עדן אין סאוטה נארוואלק, וואלטען זיכער אירע קאנקורענטען ניט געשלאפען.

וויפיל ביליגע קלאוקס עס ווערען געמאכט אוט־אוו־טאון ווייס איך ניט, און איך בין אויך ניט גענייגט צו נעמען די סטאטיסטיקס, וואס ווערען אנגעגעבען פון פארשידענע קוואלען, פאר גוט. אלעס וואס מיר ווייסען איז, אז די ביליגע ליין ארבייט ביי וועלכער טויזענדער פון אונזערע מעמבערס האבען געמאכט א לעבען, האבען אויפגעבראכט פאמיליעס, איז אין גאנצען פון זיי אוועקגענומען געווארען.

דער פארלאנג פון דער יוניאן אז די מאנופעקטשורערס זאלען טיילען זייער ביליגע ארבייט פראפארציאנעל צווישען די אוט־אוו־טאון און ניו יארקער ארבייטער איז א בארעכטיגטער. די קלאוקמאכער זיינען אין דער פראגע זייער שטארק פאראינטערעסירט. א גלייכער טייל ארבייט מיינט פאר זיי זיצען אין א שאפ און ניט ארומגיין ציילען די ניו יארקער גאסען.

---

די ארבייטער פון דער „ען אר עי קאוט קאמפאני" 50 וועסט 17טע סטריט, האבען ביי א שאפ מיטינג אויסגעדריקט א גרויסען דאנק צו זייער שאפ טשערמאן מעקס קריג און האבען אים פרעזענטירט מיט א שיינעם פרעזענט פאר זיין גוטער ארבייט אין שאפ. זיי האבען אויך באדאנקט זייער ביזנעס אגענט ל. ליפסיק פאר זיין גוטען אטענדען צו דעם שאפ.

די קאמיטע:

א. ראבינאוויטש, גאלדשטיין, ספעקטאר, מילער
לאקאל 117

דזשייקאבאוויטש, לאקאל 85

# מאנטרעאלער קלאוק און דרעסמאכער פאדערען א לוין־העכערונג

**פון בערנארד שעהן.**
גענעראל־ארגאניזער א. ל. ג. וו. יוניאן



ו אלעם ערשטען — איידער איך פאנג אן צו באריכטען וועגען די אלגעמיינע אקטיוויטעטען פון אונזער אינטערנעשאנאל — וויל איך איבערגעבען, אז די מאנטרעאלער קלאוקמאכער האבען מיט צופרידענהייט אויפגענומען אלס דעם נייעם אסיסטענט־מענעדזשער, ברודער י. סטענזער, וועלכער איז געקומען אהער פון ניו יארק צו איבערנעמען דעם אמט וועלכער איז ביז איצט געהאלטען געווארען פון ברודער סעמועל קרייזמאן.

ברודער סטענזער, וועלכער איז געווען א דיסטריקט־מענעדזשער פון דער ניו יארקער דזשאינט באארד וועט, האפען מיר, ברענגען גרויס נוצען אונזער מאנטרעאלער יוניאן. מיט זיין אנקום האט זיך שוין אנגעפאנגען א באנייטע אקטיוויטעט וועגען וועלכער איך וועל זיך אפשטעלען אביסעל שפעטער. איך וויל צוערשט באריכטען וועגען די אונטערהאנדלונגען וועלכע מיר האבען פארפירט מיט די קלאוקס־מאנופעקטשורערס וועגען א לוין־העכערונג.

דאס איז געווען נאך אין דער ערשטער וואך פון נאוועמבער ווען מיר האבען באשלאסען צו לאדען די מאנופעקטשורערס צו א קאנפערענץ, ביי וועלכער מיר האבען ארויסגעשטעלט אונזער פארלאנג, אז די וויידזשעס זאלען געהעכערט ווערען אויף 20 פראצענט. עס האבען זיך דאן אנגעהויבען אונטערהאנדלונגען און עס זיינען וועגען דעם פארגעקומען איניגע קאנפערענצען. ביי איין קאנפערענץ זיינען אלע לאקאלען געווען פארטראטען מיט צוויי מיטגלידער, אויסער די באאמטע. די מאנופעקטשורערס זיינען געווען פארטראטען דורך אלע עקזעקוטיוו־מיטגלידער פון זייער אסאסיאיישאן. ביי די אנדערע קאנפערענצען איז די יוניאן געווען פארטראטען מיט קלענערע קאמיטעס.

די אונטערהאנדלונגען זיינען ניט צוגעגאנגען אזוי לייכט ווי מיר האבען געמיינט. אין אנפאנג האבען מיר געהאט גערעכנט, אז מיר וועלען דורכקומען מיט די מאנופעקטשורערס בלויז דורך די פארהאנדלונגען ביי די קאנפערענצען. אבער — מיר האבען ביי די קאנפערענצען ניט געקענט זיך פארשטענדיגען און די זאך איז אריבער צום אומפארטייאישען טשערמאן פאר ארביטריישאן. אונזער צד האט פאר דעם ארביטריישאן פארגעבראכט אונזערע האבליכע ארגומענטען ווארום א לוין־העכערונג איז איצט אומבאדינגט נויטיג. די ענטשיידונג איז די טעג ארויסגעגעבען געווארען פון אומפארטייאישען טשערמאן, אייזיק ר. גרינבערג, צו גונסטען דער יוניאן. די פארקלענערונג פון די שכירות אויף 5 פראצענט, וואס האט געזאלט געמאכט ווערען אין יאנואר, איז צוריקגעצויגען, און די ארבייטער קריגען א העכערונג פון 5 פראצענט. דאס מיינט פאקטיש א העכערונג פון צען פראצענט אויף די שכירות.

### פארשטארקטע אקטיוויטעט אין קלאוקס דעפארטמענט

ווי איך האב שוין פריער דערמאנט, האט זיך מיט דעם אנקום פון ברודער י. סטענזער, אנגעפאנגען א באנייטע טעטיגקייט אין די קלאוקמאכער לאקאלען אויף אלע געביטען.

עס האט זיך אנגעפאנגען אן אינטענסיווע טעטיגקייט צו פארשטארקען דעם קאנטראל פון דער יוניאן אין די ארגאניזירטע שעפער. מיטגלידער וועלכע זיינען געווען נאכלעסיג אין צאלען דיוס ווערען אקטיוויזירט און געמאכט גוטשטייענד. אן אקציע ווערט דורכגעפירט צו ארגאניזירען די ניט־ארגאניזירטע ארבייטער, צו אריינברענגען זיי אין דער יוניאן און אזוי ארום פארשטארקען אונזער קאנטראל איבער דעם טרייד.

צוטרעטענדיג צו דער פארשטארקטער אקטיוויטעט האבען מיר דערפילט, אז דער סטעף איז ניט גרויס גענוג. מיט א יאר צוריק, וועלענדיג איינשפארען עקאנאמיע, האבען מיר דעם סטעף רעדוצירט מיט איין ביזנעס־אגענט. דער דזשאינט קאונסיל האט אבער איצט איינגעזען, אז די דאזיגע עקאנאמיע איז געמאכט געווארען אויף דעם חשבון פון נויטיגער יוניאן־אקטיוויטעט. נעמענדיג דאס אין אכט, האט דער דזשאינט קאונסיל איצט באשלאסען צו אנשטעלען ברודער ב. סיגעל אלס ביזנעס אגענט. עס איז וויכטיג צו באמערקען, אז ברודער סיגעל איז געווען 3 יאר ביזנעס אגענט, ביז פאריארען, ווען ער האט רעזיגנירט. זיינע לייסטונגען אלס ביזנעס אגענט האבען זיך פון דעם 19טען ד. מ. אנגעפאנגען ווידער.

אט די פארשטארקטע אקטיוויטעט ביי די קלאוקמאכער האט שוין זיך געלאזט שפירען אין די שעפער און עס האט שוין געשאפען אייניגע אינצידענטען. עס איז כדאי צו דערמאנען א פאר פון זיי.

פאראן, למשל, ביי אונז א מאנופעקטשורער וועלכער איז כאראקטעריסטיש דערמיט וואס ער איז גוואלדיג אומפריינדליך ביי דער ערשטער באגעגעניש מיט א נייעם באאמטען. ביי אזא געלעגענהייט געפינט ער פאר נויטיג צו מאניפעסטירען זיין אנטאגאניזם צו ארגאניזירטע ארבייטער. דערצו האט ער אויך די געוויינליכע חסרונות פון יענע בעלי בתים וועלכע האבען ליב צו „טשיזלען". אט דער בעל הבית האט געלאזט נייען „דופליקייטס", נאר צעטלאך האט ער אנגעהאנגען אויף די דאזיגע גארמענטס צו באצייכענען זיי אלס „סטאק". דערמיט, האט ער געמיינט, וועט ער זיך ארויסדרייען פון צאלען אנדערטהאלבען מאל אזויפיל, וואס איז דער ארבייטס־פרייז פאר „דופליקייטס".

דאס איז געווען דעם 6טען ד. מ. ווען די ארבייטער פון זיין שאפ זיינען גערופען געווארען צו א שאפ־מיטינג וועגען נעמען שריט געגען דעם דאזיגען בעל הבית פאר „טשיזלען". דאס איז געווען נאכדעם ווי ער האט מיט די באאמטע פון דער יוניאן ניט געוואלט שליכטען דעם סכסוך אויף א פרידליכען אופן. הערענדיג וועגען דעם שאפ־מיטינג האט דער בעל הבית, זייענדיג אין כעס, געווארענט די ארבייטער, אז אויב זיי וועלען ניט קומען צו דער ארבייט איינס אזייגער פינקטליך וועט ער זיי אלעמען „פייערען". די ארבייטער האבען זיך ווייניג איבערגעשראקען, זיי זיינען אוועק צום שאפ־מיטינג און צוריקגעקומען מיט א האלבער שעה שפעטער ווי דער בעל הבית האט באשטימט אין זיין „אולטימאטום". האט זיך דער בעל הבית דאן צעשריען, אז ער דארף ניט מער די בעלי מלאכות! וואס האבען די בעלי מלאכות געטאן? זיי זיינען אוועק אין דער יוניאן.

אז דער על הבית האט געזען, אז די ארבייטער זיינען אוועק אין דער יוניאן און אין שאפ שטייען די מאשינען אליין, און די „רופליקייטס" רירען זיך ניט פון ארט, איז אים געווארען שרעקליך אומעטיג און ער האט געמאכט א טרעוואגע אין אפיס פון דער אסאסיאיישאן — ער וויל שוין צוריק די בעלי מלאכות!

אויפ'ן צווייטען טאג זיינען מיר שוין מיט אים געגאנגען צו ארביטריישאן.

פאר דעם אומפארטייאישען טשערמאן האבען מיר פארלאנגט, אז אויסער „אנדערטהאלבען מאל אזויפיל" פאר „דופליקייטס" זאל ער אויך געבען „סעקיוריטי" צו פארזיכערען זיך, אז מער אזעלכע אינצידענטען זאלען ניט געשען. דער אומפארטייאישער טשערמאן, מר. איסאכאר גרינבערג, האט ניט נאכגעגעבען אונזער פארלאנג וועגען „סעקיוריטי", אבער די אנדערע פאדערונגען זיינען נאכגעגעבען געווארען, און דער בעל הבית האט געקראגען א לעסאן פון אומפארטייאישען טשערמאן, אז ער וועט שוין פארזאגען א צענטען מאל צו פרובירען „טשיזלען" אונזערע מיטגלידער און צו זיין פרעך צו אונזערע באאמטע.

א צווייטער כאראקטעריסטישער אינצידענט וועגען דיוס־קאלעקטען האט פאסירט אין דעם שאפ פון ה. ליווי. דארט האבען זיך קאנצענטרירט א צאל בעלי מלאכות וואס האבען אינגאנצען פארלוירען דעם חשק צו צאלען „דיוס". זיי האבען געמיינט, אז זיי זיינען נאך אונטער דופלעסי רעזשים,, ווען מען קען זיין א יוניאן־מאן און דאך ניט צאלען קיין דיוס, אז מען וויל ניט...

א דאנק דער באנייטער אקטיוויטעט אין אונזער יוניאן איז מען צוגעקומען צו אזעלכע „אפגעפרעמדטע" שעפער און גענומען שריט גוטצומאכען די מיטגלידער. אין דעם איבערגערעמאנטען שאפ האבען די מערסטע מיטגלידער באדארפט גוטמאכען דיוס־שולדען פאר פעריאדען אזוי לאנג ווי פון 10 ביז 20 וואכען. אייניגע פון זיי האבען זיך פרובירט דינגען. עפעס איז זיי שווער געווען דער געדאנק, אז מען דארף גוטמאכען די „דיוס", זיי זיינען געקומען צו דער עקזעקוטיווע, אבער — עס האט ניט געהאלפען. זיי האבען געמוזט פארריכטען זייער נאכלעסיגקייט און גוטמאכען זייערע פליכטען צו דער יוניאן.

אויך דער שאפ פון גרענד קלאוק קא. איז פאר די צייטען פון דופלעסי רעזשים אפגעפרעמדט געווארען פון דער יוניאן. איצט האט זיך שוין די לאגע געביטען. צוויי דריטעל פון דעם שאפ איז שוין גוטשטייענד אין דער יוניאן. עס וועט, האפען מיר, לאנג ניט דויערען און די איבעריגע וועלען אויך ווערען גוטע מיטגלידער. אזוי ארום ווערט דער קאנטראל פון דער יוניאן אלץ מער און מער פארשטארקט.

### אין דרעס־דעפארטמענט

אויך דער דרעסמאכער לאקאל האט ארויסגעשטעלט א פאדערונג פאר א לוין־העכערונג.

לויט דעם אגרימענט האבען מיר א רעכט צו פארלאנגען א רעוויזיע אין לוין וואס זאל אריין אין קראפט פון 15טען יאנואר. מיר דארפען אבער געבען נאטיס מיט א חודש פריער אויב מיר ווילען פארלאנגען א רעוויזיע. דאס האבען מיר געטאן. מיר האבען געשיקט א בריוו צו די מאנופעקטשורערס צו רופען זיי צו א קאנפערענץ וועגען א לוין־העכערונג. אויב מיר קענען ניט דורכקומען ביז דעם 15טען יאנואר דורך אונטערהאנדלונגען, מוז די זאך איבערגעגעבען ווערען צו ארביטריישאן.

עס איז וויכטיג צוצוגעבען, אז לויט דעם אגרימענט דארפען די קאטערס קריגען א לוין־העכערונג פון יאנואר.

די העכערונג איז איין דאלאר א וואך פאר קאטערס און $1.50 פאר אסיסטענט־קאטערס. איצט פארלאנגען מיר אן אלגעמיינע העכערונג פאר אלע ארבייטער אין דרעס־טרייד.

אונזער פארלאנג איז שוין צו די בעלי בתים געשטעלט געווארען. איצט דארפען די בעלי בתים זאגען זייער ווארט. מיר ווארטען אויף זייער ענטפער.

איצט גרייטען מיר זיך צו אן אינטענסיווען ארגאניזאציאנס־קאמפיין אין דרעס־טרייד. דער אומבייט אין דער פראווינציעלער רעגירונג שאפט פאר אונזערע אקטיווע טוער בעסערע מעגליכקייטען פאר אן ארגאניזאציאנס־קאמפיין. מיר וואלטען אים אנגעפאנגען איצט, אבער צוליב די אנקומענדע קריסטמעס און ניו־יער יום טובים ווארטען מיר אפ אביסעל. מיר פלאנעווען צו אנפאנגען דעם קאמפיין באלד נאך ניי־יאר, ווען דער נייער סעזאן וועט זיך אנפאנגען. דער גאנצער סטעף אונזערער וועט דאן זיין שטארק פארנומען מיט דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין אין דרעס־טרייד.

### אין עמבראידערי דעפארטמענט

וועגען דעם עמבראידערי לאקאל איז אייגענטליך ניטא קיין וויכטיגס צו באריכטען.

די עמבראידערי ארבייטער גרייטען זיך צום נייעם סעזאן. קיין באזונדערע פראבלעמען זיינען ניטא. די עמבראידערי ארבייטער זיינען, נאטירליך, אויך פאראינטערעסירט אין א לוין־העכערונג. אבער דערווייל טוען מיר גארניט וועגען דעם. די עמבראידערי ארבייטער ווארטען אויף דעם אויסגאנג פון די אונטערהאנדלונגען וואס די קלאוק און דרעסמאכער פירען אן וועגען לוין־העכערונגען. די עמבראידערי ארבייטער זיינען וועגען דעם ווייניג באזארגט. זיי ווייסען, אז אויב די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער וועלען קריגען וועלען זיי עס אויך האבען. זיי זיינען גוט ארגאניזירט און קאנטראלירען יעדען שאפ אין טרייד.

### עדיוקיישאנאל דעפארטמענט

וועגען אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט קענען מיר ווירקליך שטאלצירען היינטיגען יאר. אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט איז איצט אין פולען שוואונג. ער איז גרעסער ווי אין אירגענד וועלכען אנדער יאר. מיר האבען 15 קלאסען וועלכע ווערען באזוכט פון ארום 150 סטודענטען.

מיר האבען צוויי קלאסען פאר שפראכען, ענגליש און פראנצויזיש, וועלכע ווערען באזוכט פון 40—50 סטודענטען.

פארומס פאר צייט־פראגען האבען מיר אין דריי שפראכען, ענגליש, פראנצויזיש און אידיש. צווישען 60 און 70 מיטגלידער באזוכען שטענדיג די פארומס.

מיר האבען א דראמאטישען קלאס אין פראנצויזיש. דער דאזיגער קלאס גרייט איצט צו א קריסטמעס „סקעטש" פאר די קינדער פון אונזערע מיטגלידער

# אין דער עקזעמינערס יוניאן לאקאל 82

פון טשארלס בארענשטיין
מענעדזשער



ין עטליכע מאנאטען ווי מיר האבען אין דער „גערעכטיגקייט" גארנים געשריבען וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער לאקאל. דאס איז נישט דערפאר וואס מיר האבען גאר ניט געטאן, נאר ווייל טוענדיג די טעגליכע ארבייט, איז קיין צייט ניט געווען צו שרייבען. איצט אבער, צום נייעם יאר, ווילט זיך באקענען די לעזער פון דער „גערעכטיגקייט" מיט א פאר פראגען, מיט וועלכע אונזער לאקאל מאטערט זיך.

די וויכטיגסטע פראבלעמע פאר די עקזאמינערס און בושלערס יוניאן, איז די קאנקורענץ פון די אזוי גערדפענע „אינגלאך" וואס טוען די ארבייט פון די עקזאמינערס און ארבייטען אונטער באדינגונגען פון שיק-אינגלאך. וועלכע ווערען ניט באשיצט פון דער יוניאן, ווייל זיי באלאנגען ניט צו איר. פארשטייט זיך, אז זייער קאנקורענץ נעמט אוועק דעם ביסען ברויט פון די עקזעמינערס, ווייל זיי ארבייטען פ'ל ביליגער.

אונזער יוניאן האט גענומען די שטעלונג, אז יעדער וואס טוט עקזעמינער אדער בושלער ארבייט, דארף באלאנגען צו דער יוניאן און קריגען יוניאן באדינגונגען. די קלאוק דזשאינט באארד האט געשטיצט אונזער שטעלונג. מיר האבען געהאלטען א צאל קאנפערענצען מיט די בעלי בתים. די בעלי בתים האבען גע'טענה'ט, אז עס איז ניט געמאכט געווארען א גענוג גרינדליכע אונטערזוכונג איבער דער פראגע און זיי האבען דעריבער פארלאנגט אז די אונטערזוכונג זאל פארגעזעצט ווערען. די יוניאן פארטרעטער ווידער האבען ערקלערט אז די אונטערזוכונג וואס איז געמאכט געווארען אין טרייד האט שוין גענוג באוויזען, אז די שיק-אינגלאך און מיידלאך אין טרייד טוען די ארבייט פון עקזעמינערס און זיי דארפען דעריבער באלאנגען צו דער יוניאן און קריגען יוניאן שכירות.

די קאנפערענצען האבען קיין רעזולטאטען ניט געבראכט און מיר זיינען געצוואונגען געווען צו גיין צום אימפארשעל טשערמאן. ביים פארהער איז די יוניאן געווען פארטראטען פון גענעראל מענעדזשער פון דער דזשאינט באארד, ברודער ישראל פיינבערג; אסיסטענט מענעדזשער ס. לעפקאוויץ; מענעדזשער פון קאטערס יוניאן לאקאל 10, י. נאגלער, און פון דעם שרייבער פון די שורות, אלס דער מענעדזשער פון לאקאל 82. די פארהערען האבען זיך געצויגען עטליכע וואכען. די ענטשיידונג פון אימפארשעל טשערמאן איז ליידער געווען געגען אונז. ער האט באגעגעבען דעם פארלאנג פון די בעלי בתים, אז עס זאל געמאכט ווערען א גרינדלאכע אונטערזוכונג איבער דער פראגע. די אונטערזוכונג איז באשטימט געווארן זיך אנצופאנגען אין יאנואר.

זעלבסטפארשטענדליך אז די ענטשיידונג איז אונז ניט געווען צום הארצען, אבער העלפען דערצו האבען מיר ניט געקענט. איך בין אבער איבערצייגט, אז סוף כל סוף וועלען מיר זיגען אין דער פראגע, ווייל די אונטערזוכונג וועט קלאר באווייזען אז אונזער פאדערונג צו יוניאניזירען די וואס טוען עקזאמינערס ארבייט איז א גערעכטע. די פירערשאפט פון דער דזשאינט באארד וועט אונז זיכער העלפען אפצושטעלען די קאנקורענץ פון די שיק-אינגלאך געגען אונזערע מיטגלידער.

פארלויפיג אפעליר איך צו אלע קלאוקמאכער צו לאזען וויסען אונזער אפיס יעדען פאל וואו זיי וועלען געפינען אין זייערע שעפער אז די אינגלאך און מיידלאך טוען ארבייט אויפ'ן פלאר, ווי באגראדען, איבערקערען קאוטס, מארקען ארבייט פאר די אפערייטארס אדער פינישערס, קלינען אדער וועלכע עס איז אנדער ארבייט וואס געהערט צו די עקזאמינערס.

⁂

ביי א גוט-באזוכטען מיטינג פון אונזער לאקאל, וואס איז אפגעהאלטען געווארען דאנערשטאג דעם 30טען נאוועמבער, איז אויפגענומען געווארען די פראגע פון צען דאלאר טעקס פאר דעם דזשאינט באארד, וואס איז רעקאמענדירט געווארען צו אלע אנגעשלאסענע לאקאלס. נאך אן אלגעמיינער דיסקוסיע, אין וועלכער דער שרייבער פון די שורות האט גענוי דערקלערט די אלגעמיינע לאגע אין דער יוניאן און די פראבלעמען וואס שטייען אונז פאר, האבען אונזערע מיטגלידער איינשטימיג גוטגעהייסען מיין רעקאמענדאציע פארן טעקס. אונזערע מיטגלידער האבען ערקלערט, אז די עקזאמינערס זיינען אלע מאל גרייט צו געבען געלט דער יוניאן, נאר זיי פארלאנגען אז די פירערשאפט זאל ניט פארגעסען צו טאן פאר די עקזאמינערס דאס צו וואס מיר זיינען בארעכטיגט אלס מיטגלידער פון א יוניאן וואס עקזיסטירט שוין דריי און צוואנציק יאר און טוט אלעמאל איר פליכט צו אלע ארבייטער פון טרייד. אונזער עקזאמינערס יוניאן, האבען זיי דערמאנט, האט איצט א סך וויכטיגע און שווערע פראבלעמען וואס דארפען געלייזט ווערען.

# סטודענטן פארבאנד פון אינטערנעשאנאל האט שיינעם צוזאמענקונפט

דער יערליכער צוזאמענקונפט פון סטודענטען פארבאנד פון דער אינטערנעשאנאל איז דעם יאר דורכגעפירט געווארען אויסערגעוויינליך שען און איינדרוקספול און האט מיט דער גוטער שטימונג און אינהאלטסרייכע רעדעס געלאזט א דויערנדען איינדרוק אויף די קארגע פינף הונדערט מענער און פרויען סטודענטען פון די קלאסען און קורסען פון דער אינטערנעשאנאל, ווי לערער און געלאדענע געסט וואס האבען אנטייל גענומען אין דעם צוזאמענקונפט.

די פייערונג איז דורכגעפירט געווארען מיט א לאנטשאן אין האטעל דיפלאמאט, מיט מוזיק, געזאנג, קורצע רעדעס און א מאוווי וואס דער עדיוקיישאנעל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל האט געמאכט פון דער געשיכטע און טעטיגקייטען פון דער יוניאן. באזונדערס אינטערעסאנט איז עס געווען וואס די גאנצע אונטערנעמונג איז הויפטזאכליך דורכגעפירט געווארען פון דער יוגענד, פון דעם נייעם דור מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל וואס פארנעמען אלץ א וויכטיגערען פלאץ אין דעם לעבען פון דער יוניאן. זיי זיינען די וואס שטעלען צונויף די מערסטע סטודענטען אין די קלאסען און קורסען; אין די בילדונג צענטערס וואס דער דעפארטמענט האלט אן; די אויספלוגען און אלע אנדערע טעטיגקייטען. זיי זיינען געווען אין דער רעסעפשאן קאמיטע, פון זיי איז געווען דער טשערמאן און מאנכע רעדנער ביים צוזאמענקונפט. עס זיינען געווען זייערע יונגע, קרעפטיגע שטימען וואס האבען זיך צעקלונגען אין כאר פון געזאנג. די גרויע קעפ פון די לערער, געסט און פארטרעטער פון די לאקאלס האבען זיך דורכגעווארפען וואו ניט וואו, ווי א באפוצונג. די מערסטע אבער זיינען געווען די יוגענט וועלכע האבען געפייערט דעם יום טוב פון צוזאמענקונפט.

טשערמאן איז געווען דער פעהיגער פרעזידענט פון סטודענטען פארבאנד, בערנארד בעקלער. מיט רעדעס זיינען ארויסגעטראטען מארגארעט מארטשעזע, פון לאקאל 89, סעקרעטאר פון הארלעם עדיוקיישאנאל סענטער און עלסי לייטנער, מיטגליד פון לאק. 22 און סעקרעטאר פון דער סאשעל קאמיטע. אין זייערע רעדעס האבען זיי אנגעוויזען אויף דער וויכטיגער ראליע וואס דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל שפילט אין דער אנטוויקלונג און אויסבילדונג פון די יונגע מיטגלידער און דעם בכבוד'יגען פלאץ וואס ער פארנעמט אין געביט פון אלגעמיינער ארבייטער בילדונג.

אן אנצאל פון פראמינענטע געסט זיינען אנוועזענד געווען ביים לאנטשאן און עס איז דערהאלטען געווארען א צאל טעלעגראמען פון מענטשען וואס האבען ניט געקענט קומען. אויסער די רעדנער פון די סטודענטען, האבען ביים לאנטשאן גערעדט פראפעסאר דזשאהן ה. לייאן פון קאלאמביא, וועלכער האט פילע יארען אנגעפירט דיסקוסיעס איבער ליטעראטור פאר'ן עדיוקיישאנאל דעפארטמענט; דר. וויליאם ע. גרעידי, געהילפס סופעראינטענדענט פון סקולס אין ניו יארק; מארק סטאר, עדיוקיישאנאל דירעקטאר פון דער אינטערנעשאנאל; וויס-פרעזידענט ראוז פעסאטא און די סעקרעטארין פון דעם עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל פאניא מ. קאהען. פאניא מ. קאהען וועלכע איז געווען פאקטיש די גרינדערין פון דעם עדיוקיישאנאל דעפארטמענט און האט געווידמעט איר גאנצע ענערגי צו דער ארבייט איז אויפגענומען און באגליסט געווארען פון די פארזאמעלטע מיט שטארקע אפלאדיסמענטען.

נאך די רעדעס איז געוויזען געווארען די ספעציעלע מאוווי וואס דער דעפארטמענט האט פראדוצירט פון דעם לעבען און געשיכטע פון דער יוניאן אונטערן נאמען „מארשירענדיג צום מארגען". די מאוווי ווייזט אן דעם דעמאקראטישען גייסט וואס באלעבט די ארבייטער יוניאנס. איבער הונדערט מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל האבען זיך באטייליגט אין דעם מאסען ספעקטאקעל פון דער מאוווי. און דער עולם האט זיך גוט אמוזירט.

## רעזאלוציע.

די ארבייטער פון „סטאר און פרידלענדער", 249 וועסט 39טע סטריט, האבען באשאנקען זייער שאפ-טשערמאן, ברודער טשארלס מרגליות, מיט א גאלדענעם ריסט וואטש און ווינשען אים ער זאל עס פארנוצען געזונטערהייט.

די מתנה איז אונזער טשערמאן געגעבען געווארען אלס א פאלשטענדיגער סורפרייז ביי וועלכען אלע ארבייטער האבען געהאט א סך שפאס. מיר האבען איהם דעם זייגער געשיקט דורך פארסעל פאסט אין א באקס גרויסע קעסטעל אנגעשטאפט מיט צייטונגס פאפיר ביז ער האט זיך דערגרייכט צום זייגערל האט דער קלאס ארום 90 ארבייטער, געקיכט פון געלעכטער. ווען ער האט ענדליך דעם זייגער געפונען, האבען אים די ארבייטער ארומגערינגעלט, אים געוואונשען גליק און אז ער זאל פארזעצען זיין גוטע ארבייט פאר'ן וואוילזיין פון די ארבייטער.

די קאמיטע: פערעל מעלניק, פעני ווייגבערג און סאלאמאן רובין, פון לאק. 22; לואיס פישער, ארעלינא, דזשעני דאמיניקא, פון לאקאל 89 און ס. יאבלאנסקי און אייב לערנער, פון לאקאל 60.

וועלכער וועט דורכגעפירט ווערען ביי א קריסטמעס פארטי פון אונזערע מיטגלידער דעם 23טען דעצעמבער.

מיר האבען אויך א קלאס פאר ענגלישער דראמע. דער דאזיגער קלאס גרייט צו א פארשטעלונג וואס וועט דורכגעפירט ווערען היינטיגען סעזאן און אין וועלכער עס וועלען זיך באטייליגען צווישען 20 און 30 מיטגלידער.

צווישען 25 און 30 מיידלאך מיטגלידער באזוכען דעם קלאס פאר שווימען וואס ווערט געגעבען אין אדיטאריום פון י. ה. ק. א. מיר האבען אויך א קלאס פאר דושים און באסקעט-באל אין אודיטאריום פון באנקראפט סקול יעדען מאנטאג און פרייטאג.

פון די ערפאלגרייכסטע קלאסען איז דער קלאס פאר טאנצען, אנגעפירט פון די באוואוסטע טענצערינס, די שוועסטער. אט דער קלאס פירט אן א קאמפעטיציע מיט א צווייטען ערפאלגרייכען קלאס, דאס איז דער קלאס פון שווימען.

דער „טרייד יוניאן ליודערשיפ" קורס האט אויך ארויסגערופען גרויס אינטערעס. דער דאזיגער קורס ווערט פון יאנואר געביטען ווערען אויף א „טרייד יוניאן פארום", מיט ספעציעלע פיטשורס ווי מאווינג-פיקטשורס, און באוואוסטע רעדנער פון דער טרייד-יוניאן באוועגונג.

איצט איז דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פארנומען מיט צוגרייטען א קריסטמעס פארטי פאר אונזערע מיטגלידער דעם 23טען דעצעמבער, מיט א קריסטמעס-בוים און אנדערע עפעקטען. פאריאריגען האבען מיר געהאט 300 קינדער פון מיטגלידער צו אזא פארטי. היינטיגען יאר ערווארטען מיר נאך מער.

קלאוקמאכער אינסטאלירען ארבייטער רינג ברענטש אויף זיגמאניס נאמען.

די מאנטריאלער קלאוקמאכער האבען געגרינדעט א ברענטש פון ארבייטער רינג אויפ'ן נאמען פון פארשטארבענעם פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, מאריס זיגמאן. דער ברענטש איז אינסטאלירט געווארען ביי א שיינעם באנקעט. געוועזענע גענערעל מענעדזשער פון ארבייטער רינג, איז געווען אין מאנטרעאל און האט דעם ברענטש אינסטאלירט.

